# אַרגענטיניש

## זאַמלבוך

איינס.

בוענאָס איירעס, אָקטאָבער, 1933.

Printed in Argentina

# ARGENTINISCH

## A L M A N A Q U E

I

Bs. AIRES, 1933.

מוישע קויפמאַן

# נייע לידער

## באַרוועסטע טעג.

אין פרי פון יאָר אויף ערד צעבלימער,
אין שפּעטן הארבסט אויף קוים פון וועג —
כ'האָב געלאָזט מיט שטילן ציטער
לויפן באָרוועס מיינע טעג.

נאָר מיין יוגנט אין פאַבריקן
טאַמט זיך אָפּ מיט שטויב די לונג,
ווערטער זיינען דאָ ווי בריקן —
ענגען זיך אויף יעדנס צונג.
אַזאַ מין וואָרט ווי שטאַלצע שיף פון האַפן
איך לאָז אַרוים מיט אומרוהיקער פרייד, —
קאָנען קאָן אים נים פאַרשקלאַפן
נים האַרטע פויסט, נים כניפע־רייד.

אַ פרייע ליד פאַר פרייע מענטשן,
וואָס זאָל צעוויקלען אונדזער מוט —
איך קום באַזינגען, איך קום בענטשן
די פאָן, וואָס מאָנט פאַר אונזער בלוט.

ס'געזאַנג פון אונזער וויי, דעם טיפן,
פון פיינלעך אַנגעשטרענגטער וואָר —
איך דערלויב זיך נים פאַרשטיפן
מיט פאַרבן ראָזע־בונט און קלאָר...
אַזויפיל הייסע לידער יערן
און אַ שטראַל, אַ בלאַסער שיינט —
ווער עס זאַמלט אַלטע טרערן
דער געפינט געוויין פון היינט.

נאָר וויפל לידער בלייבן ליגן,
אין אַ ווינקל פון מיין קאַרב —
ווערט מיר שווער מיין צאַר באַזינגן
ווייל זיי דריקן ווי אַ האַרב.

וואַלגערן זיך צווישן קעלנער
און זיי טרוימען פון אַ בוך —
זאַפן איין אין זיך די בלעטלעך
פייכטן, שימלדיקן גרוך.

פריינט און קרויווים גיבן אייצעס;
— וואַרף די גאַנצע שפּיל אַוועק
און מע לאַכט אונטער די פּלייצעס,
מיידלעך מיידן מיר מיט שרעק.

ווערט שווער מיט זיך אַליין צו הויזן,
ווערט נאָך שווערער זיין באַרוט —
אַ, וואָס טוט מען מיט מיין אומרו,
אַ, וואָס טוט מען מיט מיין בלוט!

נאָר איך בין גרייט זיך ראַנגלען און באַהעפטן
אַריבער בייזווילִיקער קעלט;
ניט איך פיר מיט זיך געשעפטן,
ניט כ'האָב טאַינעס צו דער וועלט.

אין פרי פון יאָר אויף ערד צעבליטער,
אין טיפן האַרבסט אויף קויט פון וועג —
כ'האָב געלאָזט מיט שטילן ציטער
לויפן באָרוועס מיינע טעג.

## דאָס ליד.

איך זינג דאָס ליד פון אונדזערע שטילע ווייען,
איך זינג דאָס ליד פון אונדזערע וואַכעדיקע פריידן;
נאָר זוכן זוך איך ניט דאָ קיינעם צו דערפרייען
מיט ראָזן פאַרב די גרויע וואָר באַקליידן.

די וואָר איז שווער אין שטייפע פערזן מעסטן,
ווי שווער ס'איז דורכברעכן אַ שטעגל אין אַ זומפּ —
וואו נעמט מען אַזאַ וואָרט, אַ שטייפן און געפּרעסטן
דעם טעמפּן האַרץ דערשטערן, דעם גליוועדיקן קלומפּ.
דער בירגער שטייט אויף שפּעט נאָך פאַרגעניגנס גיריק
און ווי אַ שטויבל נאַכלעסיק ער מאַכט אַוועק דאָס ליד, —

ווי גוט איז ווען ס׳דערגייט דיין אומרוהיקע ליריק
צו דעם, וואס קומט פון מי, ווי דו פונקט אזוי מיד.

א ווארט וואלט איך געוואלט מיט העכסטן קאל צעשרייען —
זיין ווידערקאל זאל אפקלינגען אויף גאר פארשקלאפטער
וועלט,
און אויף א רעגע אלעמען און מיר אליין באפרייען
פון אט דער טעמפ-פארבירגערטער, פיליסטערישער קעלט.

און זוכנדיק אזוי דעם אויסגעשריי, דעם שטארקסטן,
וואס זאל אונדז — די פארשטויסענע דערהויבן און
דערמוטיקן
דערזע איך אזוי קלאר דעם גרויסן זיידן מארקסן
און אלע זיינע נאכפאלגער, וואס ראנגלען זיך און בלוטיקן.

און זיך אליין איך זע — א וואכעדיקן זינגער,
אויף שטיקלעך פרייד און ווייטיק פון לידער מעסטן —
זוך איך כאטש דאס ווארט, דאס שטייפע און געפרעסטע.
עס זאל די פען ניט ציטערן אין מיינע שטייפע פינגער.

## רייפקייט.

דער העלסטער, זוניקסטער געפיל דערטרונקען ווערט אין
יאם פון ווערטער —
רום צו דעם וואס בייט געפיל אויף טאט און ניט אויף רייד;
איך גיי איצט פון פאבריק, דער אוונט א פארקלערטער
וועקט אויף אין מיר צוריק מיין אומרוהיקע פרייד.

די נאכט איז אזוי שיין און קישעפט מיט באלאדן,
פון ווייטן שימערט פארבנרייך דער צענטער פונעם שטאט —
איך האב א יוגנט אפגעטרויסט פון קאמף און באריקאדן
איז איצטער פעסטער, זיכערער און קרעפטיקער מיין טראט.

איך האב זיך פרי פארליבט אין אומרו און אין פאנען —
און פון מיין הארבן ווארט געמאכט כ׳האב א געווער;
און זאלן זיין פארדאמט פאפירענע קאנאנען,
וואס שיסן פראזן ליידיקע און גרילצן אין געהער.

מיין ערשטע יוגנט, שוימיקע פארלאזט מיר שטילערהייד,
און רייפקייט זעצט זיך אפ אויף דעקל פון מיין עלטער —

נאָר ס׳ווערט מיין וואַרט אַלץ שפּיציקער, מיין שאַרפער האַס אַלץ קעלטער
און וואָרימער, און זוניקער מיין קערנדיקע פרייד.

נאָר פול איז נאָך מיין טראָט מיט יינגלש-זיסן ציטער —
ווען כ׳בין צום ערשטן מאָל פון שטילער היים אַרויס,
עס האָט בלויז הארבע מי געלערנט שוואַרץ און ביטער
און ליכטיקער ז׳געוואָרן דער וועג וואָס שניידט פאַרויס.

איז וועל איך שוין אַזוי מיין לייכטן טראָט דערטראָגן —
ביז גרויסן טאָג פון פאָן און באַריקאַדן;
עס איז מיר ליב די מי און אנשטרענג פון פאַרטאָגן
און פרעמד איז מיר די נאַכט מיט קישעף פון באַלאַדן.

## דער טאָג.

דער טאָג איז היינט אַ טונקעלער און טריבער,
די זון פאַרגלאָזטע שפּיגלט זיך אויף מויערן און ווענט, —
עס פיניעט אונזער האַס און גייט דעם ברעג אַריבער
און פויסטיקט זיך מיט קראַפט אין אויסגעקוועלטע הענט.

די רויע קראַפט איז שווער פונקט, ווי דעם טויט באַזיגן,
אַזאַ מין קראַפט וואָלט גוט געווען אַ וואָלגער טאָן אין שטורעם —
ביז ווען זשע וועלן מיר ווי שטומע שעפּסן ליגן,
ווי סטאַדעם טרויעריק באַם אויסגעשעפּטן ברונעם — — —

נאָר שעפּסן פאָלגן בלינד נאָך ברומענדיקן פאַסטוך,
האַכנאָעדיק אַנטקעגן בייטש, און קעגן רוף פון פייפל —
און מיר, מיר וואַקסן פון דער נאַכט אַרויס און דעמערן און רייפן
און וועלן זיך דאָ אַפרייסן ווי צאַפּן-ווינטן האַסטיק.

דער טאָג איז היינט אַ טריבער און אַ קאַלטער,
אַ זון פאַרגלאָזטע שפּיגלט זיך אויף שימלדיקע ווענט —
נאָר איך שטעל בהייטע טריט און מונטערנדיק-צעשטראַלטער
און ס׳אָטעמט אונדזער קראַפט אין מיינע שווערע הענט.

## נאָך אַפּגאַנג.

נאָך אַפּגאַנג כוואַליקן פון אומרוהיקע יאָרן,
אין מי אומענטשלעכער און וואָגל אין דער פרעמד —
דערטראָגן וויל איך כאָטש אַן אָפּגענוצטע העמד
און עטוואָס ליכט און מונטערקייט אין שטומפּיקן זיקאָרן.

אין אָרעמס האָרבסטיקע פאַרגייט דער שענסטער זומער,
דער האָרבסט אַליין קומט אויכעט אום אין קאַלטן שוים פון
שניי —
טאָ זאָל איך אומבאַהאָלפענער ניט זינגען כאָטש פון וויי
אין שוואַכקייט זקײנישער ס׳געזאַנג פון וויי און קומער.

דערזע איך ווען אַן אַלטן, גרייזן ייִדן,
מיט פּיצל אייניקל זיך שפּילן לעבן וויג;
דוכט זיך מיר די אייביקייט האָט שוואַרצן טויט באַזיגט —
לאָזט טונקעלן פאַרגאַנג מיט צוקונפט זיך ניט שיידן.

נאָר מיר אַליין, — אַ טרוימערישן ייִדן,
וואָלט ליבער נאָך געווען ווי לייב אונטערן העמד —
ווען דעמאָלט זאָל מען שוין פון אייגענע ביז פרעמד
ווי היינט מיט טעמפּער גיריקייט ניט דאַרפן אונטערשיידן.

אין לעצטן טאָג פון מיינע טעג,
אין שפּעטסטן האָרבסטאָג פון מיין לעבן
כ׳וואָלט העמד, מיין איינציקע אָוועקגעגעבן
און וואָלט צעזינגען זיך אין מיטן וועג.

## אין גאַנג.

די האָרבע וואָר פאַרטונקלט האָט דאָס גאָלד פון מיינע
טרוימען,
איך האָב אין האַרטקייט וויפל מאָל פון ליידן שוין געשפּאָסט,
קומט אָן אַ מאָדנער טאָג און ווייסע פרייד נעמט שוימען
און דו אַליין גאָפּסט אויך פון שניידיקן קאָנטראַסט.

די שפּראַך פון ליכט און בלוט ווער קאָן פאַרשטיין און וויסן,
ביים פויגל פרעגט מען ניט פונוואַנען דיין געזאַנג;

וואַכט עפּעס אויף און פּענטעס אויפגעריסן
און בושעוועט פאַרשייט און לאַנג.

און איך, פרי פאַרזוכט דעם שווערן טאַם פון וואַגל —
פון קינדוויים אַן אין פּיין און פּלאָג,
איך וואָלט אַזוי געוואָלט דערטראָגן
אַזאַ מין פרייד ביז העלן טאָג.

נאָר ס'איז נישטאָ קיין זון אַן נעפּל און אַן רעגן,
אַן פויערס שווערער מי עס וואַקסט נישט אויס קיין זאַנג —
און ווי צו די, וואָס קלאָגן זיך אויף דערנער פון די וועגן,
אויף שטיינער שטערונגען פון גאַנג...

נאָר טאָמער וועט מיר נאָכט אין טיפן שוים פאַרשלינגען
מיין הייסן האַרץ מיט טאַם פון בליי פאַרדאַרבן —
וועל איך אַוואַדע בלוטנדיק נאָך זינגען
און זינגענדיק מיטסטאָמע שטאַרבן.

אין מאַירעוו וועט אַ טאָג פאַרגיין אין קאַלטע פלאַמען,
פון מיזרעך שיילט זיך אויס אַ טאָג אין זון און פרייד —
און איך וועל שטיל זיך זעגענען מיט אַלע
און אַלץ נאָך זינגען שטילערהייד...

דער ווייסער טאָג האָט נעפּלען אויפגעריסן,
מיין לייב אין גסיסע-קראַמף וועט לאַנגזאַם שטייף און
האַרט, —
די זון פאַרטאַגיקע וועט באַלד מיין קאַלטע גרוב פאַרגיסן
און איך לעבן-לאַנג נאָך זון אַזוי געגאַרט.

און וואָלט איך נאָך געלעבט, געהייסן כ'וואָלט זיך פרייען;
ווייל רום צו די וואָס שטאַרבן און פאַרגיין
און פילן — סוועט די זון פאַרגיסן באַלד די ערד.

## מיין ליבשאַפט.

אין טעג פון איבערברוך, געראַנגל און אַנטוישונג —
מיין בעכער אָנגעפילט מיט אָנשטרענג און מיט צאַר;
האָט אַזוי ווי געטאָן, וואָס בייזע צונגען רוישן
ווען גאָר דאָס טייערסטע אין בלאָטע און געפאַר.

נאר דו האסט אויסגעהערט מיט אויפריכטיקן שמייכל,
מיט פריינטשאפט לויטערן פון אפענעם געזיכט —
ווערט ווידער לייכט אזוי זיך ראנגלען און דערגרייכן
און מיטנעמען א שפּליטער פון דיין ליכט...

ביים גורל שטורמישן איך בין ווי שטויב פון וועגן,
מיין ליבשאפט ברענג איך דיר — א זוניקן געשאנק,
מיין בראכע הארציקע זאל לויפן דיר אנטקעגן
און ווי א צירונג זאל באשיינען דיר מיין דאנק.

## צו דיר.

— זי פרעגט: דו יאט, פונוואנען נעמסטו קרעפטן
טאג איין, טאג אויס צו מונטערן און וועקן,
עס שמעקט מיט קארן-ברויט פון דיינע לידער-העפטן —
פונוואנען דיינע קרעפטן?

איך רעד און רעד פון וואכעדיקן ראנגל,
מיין בלייכער שטערן פון שוויים טראפנס שוין נאס.
זי זאגט: דיין ליד איז שיין, נאר דו אליין פעדאנטיש
און פונקט ווי דיין געזיכט מיסטאמע אזוי בלאס.

ווי א פארלוירן קינד איך שטיי דעם קאפ געבויגן
און קוק זיך צו, עס וואקסט צווישן אונדז א וואנט,
נאר וואו איך זאל ניט גיין, כ'טראג דיינע הייסע אויגן,
פונקט ווי איך טראג מיין אייגענע, מיין לעבעדיקע האנט.

צו וואס האסטו צעברענט דעם שארפסטן פלאם פון גלוסטונג,
ווען יוגנט האט געקלאפט מיט ליידנשאפט אין מיר;
איך האב געוואלט א טרייסל טאן דיין שטומפיקן
באוואוסטזיין —
אנטלויפסטו פון מיין פאן, אנטלויפסטו אויך פון מיר...

און איבער אונדז א פאלמע שטרעקט צווייגן — הענט
גיגאנטיש,
א לעצטער שטראל פון אויגן דיינע גייט שוין אין מיר אויס;
פארוואס ווען כ'האב געזאגט: — קום, דער וועג איז גרויס—
האסטו זיך בייז פארקרימט — איא ס'וואלט זיין
ראמאנטיש?..

באַלייכט מיר הארץ, ווי דעם שאַכטיאַר זיין לעמפּל,
אין כאַאָס פון געפיל זיי הארץ פאַר מיר אַ קאָמפּאַס,
אַט ווארף איך שוין אַראָפּ פון זיך דיין צאַרטן שטעמפּל
און גיי אַוועק צוריק אויף מיין צעקרימטער גאַס.

און אייביק וועט דער פאַרק מיט אַלטע בלעטער רוישן,
אַ שטיק פאַרוועלקטע פרייד איך ווארף צו דיינע פיס
און כ׳טרינק אויס ביזן דנאָ דעם בעכער פון אַנטוישונג,
און גלויב עס וועט ניט זיין מיסטאָם דער לעצטער ריס...

נאָר דו, אויב האָסט דיין צעלט און שטילער רו פאַרצוויגן,
זאָלסט אייביק זען דעם פאַרוואורף פון מיין שפּיציקן געזיכט
און זאָלן טאָמיד נאָכגיין דיר מיינע אומעטיקע אויגן,
ווי צוויי פיבער-פלעמלעך פון ניט-דערברענטע ליכט.

## א וו נ ט - ב ל אַ ט  א ו ן  ק י נ אָ.

באַגינען יאָגט וואולגאַרער אימפּעט
די רעשטלעך שלאָף פון אויגן-אַפּל —
ווי שווער, ווי שווער איז אָנשטרענג טרינקען
אויף לעבנס נידעריקסטן שטאַפּל.
אין אָוונט מידיקן באַם בלאַסן שיין
צעשטראַלט זיך ליכטיקער דאָס בלוטלאָזע געזיכט —
ווי גוט, ווען ס׳איז פאַראַן אַן אויסגאַנג פאַר דיין פּיין,
אין לעבן נאַכטישן — אַ ברענעדיקע ליכט...
נאָר ווען דער טאָג פאַרגייט אין כוואַליקן געפילדער,
פאַרטויבט דאָס אָוונט-בלאַט מיט שווינדלערישן ראַש,
טעאַטער-שונד, וואולגאַרע קינאָ-בילדער —
אַ רויך אַן פייער-גלי, אַ קאַלטער בערגל אַש.
נאָך טאָג פון מי — כאַטש בייט דיין צאַר אויף קליינגעלט;
פאַלירטער גלאַנץ מיט שווינדל און אַ בונד,
עם קוויטשען שרייאיקע, באַנאַלע אָוונט-בלעטער
און ס׳לאַקט די גאַס מיט געלן נעץ פון שונד.
נאָך טאָג פון מי קאָנסט שטילן דורשט פון סייכל
מיט אַנאַני פון גייסט — דעם קינסטלערס בלייבע שפּייז;
אַנשטאָט דער ליבשאַפט זאַפטיקער — אַ בלייכער זוינע-
שמייכל,

אנשטאט דער קונסט פילפארביקער — א קאלטער גלאנץ
פון אייז...
מאנישקעס בלענדיקע און יאנטעוודיקע רעק
און מישן זארגלאזע אין שווינדל פון עקראן, —
נים זוך קיין ענטפער דא אויף אויסגעשארפטע העק
פון אומרעכט בלומיקן אויף יעדער שפאן...
נעיענ נאך רום, וואולגארע ליבע־קראמפן,
באנאל, אידעענלאז און אויסגעליידיקט פוסט —
צים זוך קיין אפקלאנג דא, קיין פונק פון דיינע קאמפן
פון אומרו פלאמיקן, וואס בושעוועט אין ברוסט.
נאר עטוואס שטומן צאר נים ביים אויף גאר די פלאסטיק,
דעם מינדסטן קרעכץ פון קאמף — פאר גאר זייער געשריי;
פאר די אימפרעסיעס זיידענע, פאר קויאך־גימנאסטיק
נים ביים דעם שטילסטן אטעמצוג פון אונזער טיפן וויי.
ווייל אין א טאג א בלענדיקן איז לייכט צו שפילן זיך מיט
שטראלן,
אין שווארצער נאכט איז לייכטער נאך פון שיידים
פאנטאזירן,
אויף אונזער גורל שטייניקן איז אויסגעפאלן
דאס שטייפע ווארט באמיסטיקן מיט אייגענע געהירן.
איז אונזער טאג שוין פריי און וועט נאך ווערן פרייער
און אונזער מוט צעוויקלטער זועט ווערן ברייט און
ברייטער —
ביז ווען זשע וועלן מיר ווי הונגער־יאר אין שייער,
אין שקלאפעריי פילפאכיקער דאס שענסטע אין אונדז
טויטן!..
מיטן ברייטן קאפ געלייטערטן, מיט קראפט פון יונגע אקסן,
מיר יאגן טאג נאך טאג דעם שלאף פון מידן אפל —
ביז ווען זשע וועלן מיר אין טאג אריינגעוואקסן
זיך טאפטשען בלוטנדיק אויף נידעריקסטן שטאפל.



# די באַלאַדע וועגן גרויסן מאַן מיטן מאָנגאָלישן פּנים

דער גרויסער מאַן מיטן מאָנגאָלישן פּנים
בוּיערט מיט ליכטיקע אויגן די נאַכט.
דער געקרייציקטער מאַן, דער סטאַליער פון נאַצערעס
פון טויזנטיאָריקן שלאָף האָט דערוואַכט...
אויפן שליאַך אַ קריגסמאַן, אַ פּריידיקער און אַ פּערעץ,
עס גייט זיי אַנטקעגן אַ באָרוועסער מאַן,
אַ קלויסטער שאַמעש, אַ גלאָקן-קלינגער,
אַן אַלטער לאָמער באַלאַדן-זינגער.
וואָס לאָמט און זינגט אויף יעדן שפּאַן. — — — — — — —
דער יאַם שלינגט איין איטלעכן טייך,
פון אַלע יאַמען — דער אייז יאַם קעלטער —
דער קאַמף צווישן אָרעם און רייך
איז פון אַלע קאַמפן עלטער. — — — — — — — — — —
דער פּערעץ איז אומעטום נייטיק,
כ'האָב דורכגעלאָמט דעם גאַנצן קאַנט —
מיליאָנען מאָל דעם סטאַליער געקרייציקט
ביי יעדער גרויער קירכע-וואַנט.
מיליאָנען מאָל געשענדעט זיין נאָמען
ביים בלייכן שיין פון וועקסיקע ליכט,
געהייליקט פּיסקעס פון קאַנאָנען
אַנטקעגן זיין בלאַסן מאַרטירער-געזיכט. — — — — —
דער באָרוועסער קוקט מיט אויגן גריבער,
דער פּערעץ מיטן קריגסמאַן קוקן זיך איבער,
דער פּריידיקער שרייט: — ווי דום! — — — — — — — — —
דער גלאָקן-ציער הויבט אָן קלינגען,
דער קירכן-שאַמעש הויבט אָן זינגען,
דער לאָמער זינגער שטום...
נאָר דער גרויסער מאַן מיטן מאָנגאָלישן פּנים
גייט אויף מיטאַמאָל אין פייער בראַנד —
און אַלע באָרוועסע טראָגן זיין נאָמען
אויף שטורמישער פאָן אין יעדער לאַנד. — — — — — —
דער גלאָקן-קלינגער הערט אויף קלינגען,

דער קלויסטער־שאַמעש חערט אויף זינגען,
דער באַרוועסער דערפילט די קראַפּט פון זיין האַנט,
דער געקרייציקטער סטאַליער פון נאַצערעט
שפרינגט אַראָפּ פון דער קירכן־וואַנט. — — — — — —
דער פריידיקער רופט צו גאָט: — גענאַדע...
דער פּאַרעץ מורמולט — שאַדאי, שאַדאי,
דער באַרוועסער כויזעקט מיט גאַל: — אַוואַדע
און צים ביים קריגסמאַן אַרויס די שווערד, —
און דער לאַמער זינגט אַ נייע באַלאַדע
פאַר דעם גרעסטן מאַן פון גאַרער ערד.

# די באַלאַדע וועגן קעניג און וועגן די זעלנער

באַלאַדן זינגט מען וועגן קעניגס גרויסקייט —
איך וועל זינגען וועגן קעניגס שאַנד;
איך וועל זינגען אַ נייע באַלאַדע,
וואָס קאָן פּאַסירן אין יעטווידער לאַנד.
דער קעניג איז גרויס, דער קעניג איז מעכטיק,
זיצט ער ברייטלעך אויף זיין טראָן —
די הויפליים געטריי און גאָט גערעכטיק
האָט דער קעניג ניט וואָס צו טאָן.
הייסט ער מאַכן רוישיקע בעלער —
סטאָט אַזוי צוליב צייט־פאַרטרייב;
קומען קינסטלער, לעקן טעלער
טאַנצט דער קעניג מיט זיין שיינער ווייב.
טאַנצט דער קעניג און טרינקט לעכאַאים,
פּריצים און הויפליים כאַפּן שיראַאים,
דער גאַלעך פרעפּלט — אַווע מאַרי.
דיפּלאָמאַטן מיט שאַלעם־טענער,
גענעראַלן מיט מילכאָמע־פּלענער...
דאָס פאָלק גייט אויס אין גרויזאַמער מי.
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
די נאַכט האָט איר פינסטערן שלייער פאַרשפּאַכן
אויפן שפּיץ פון קלויסטער־טורעם, —

דער גאַלעך פּריפּלט — אַווע מאַרי.
און רייסט די נאַכט מיט שאַרפן שטורעם.
וואָזשע קלינגען אַזוי די גלאָקן, —
דאָס רופט דער קעניג דאָס פאָלק צום קריג.
לויפט אַ מיידל און ס׳לויפט אַ זאָקן,
לויפן קינדערלעך פון וויג.
וואָזשע קלינגען אַזוי די גלאָקן, —
דאָס רופט דער קעניג דאָס פאָלק צום קריג.
לויפט דאָס פאָלק אַרום דערשראָקן —
זאָל ברעכן דער קעניג האַלדז און גניק. — — — — — — — —
נישט געזיים און נישט געדראָשן —
אַ הונגער יאָר מיט נאַקעטע ציין;
צינדט זיך האָס און ווערט פאַרלאָשן
טראָגט זיך ווייבערשער געוויין...
שיקט דער קעניג די גרענאַדירן,
מיט גלאַנץ פון וואָפן אויף גאָר דער שטאָט.
קומען זיי די שטאָט באַצירן
און דאָס פאָלק ביים הויז פון ראָט.
זאַטע פערד און בלאַנדע לאָקן
קלאַפּן מונטער אויפן ברוק, —
וואָזשע לויפט מען אַזוי דערשראָקן
און שווערד און קאַנטשיק מיט הוק און סטוק.
וואָזשע קנאַלן רעוואָלווערן,
און רימענס שניידן בלוי און ברוין —
אויף די שטיינער בלוט און טרערן
און גרענאַדירן אין האַמוין.
ציען זעלנער לאַנגע רייען —
אין שוצגראָבנס די גאַנצע ערד;
דער הויפּמאַן קוקט אויף די טראַנשייען
די שטאָלצע ברוסט אַרויסגעשטעלט.
דער הויפּטמאַן איז אַ הויכער זאָקן
מיט שטרענגע, גרויע באַקנבערד —
וואָזשע קוקט ער אַזוי דערשראָקן
און שטורכעט די שפּאָרן אין וויסן פערד?
ער זעט, דער גאַנצער פראָנט צעריסן
און קיינער היט נים דעם קעניגס פאָן —
גיט ער אַ הויכע קאָמאַנדע — שיסן!
וויל קיין איינער גאָר נים טאָן.
נאָר איינער גייט און ס׳גייען הונדערט

מיט א פאָן פון פראָסטן געוואַנט, —
קוקט דער הויפטמאַן אַן פאַרוואונדערט
און כאַפּט די בלאַנקע שווערד אין האַנט.
הייסט דער הויפטמאַן די זעלנער הענגען,
ווייל ניט קיינער ברענגען קיין שטריק.
הייסט דער הויפטמאַן די זעלנער טרינקען,
טראָגט מען זיי נאָך אַ פאַנטאַנע בריק.
הייסט דער הויפטמאַן די זעלבע שטעכן,
און ס'דונערט באַפעלעריש זיין קאָל —
נעמען אַלע די שפּיזן ברעכן
און וואַרפן שטיקלעך בלאַנקן שטאָל.
הייסט מען פירן די זעלנער צום קעניג;
זיי האָבן באַשפּיגן זיין גרויסע פאָן —
איז דאָס פאָלק ניט אונטערטעניק
און טרייבט דעם קעניג אַראָפּ פון טראָן. — — — — — — — — —
גיבן די זעלנער אַ מאַך מיטן פענדל,
ווערט דער שטורעם שרעקלעך גרויס —
און דער הויפטמאַן ווי אַ שפּענדל,
וואָס יאַם שלינגט איין און יאַם שפּייט אויס.
גייט דער קעניג אַפּריכטן גאַלעס;
און טראָגט אין טאַש זיין צעפליקטע פאָן —
באַגלייט אים דאָס פאָלק מיט וויסטע קלאָלעס
און כוויזעקט אויס זיין מעכטיקן טראָן...
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
באַלאַדן זינגט מען וועגן קעניגס גרויסקייט,
איך האָב געזונגען וועגן קעניגס שאַנד —
איך האָב געזונגען אַ נייע באַלאַדע,
וואָס קאָן פּאַסירן אין יעטווידער לאַנד.



דר. ל. זשיטניצקי

# די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אַרגענטינע

## 1.

עקאָנאָמיק האָט אין מערסטן טייל ליב צאָלן, זי איז באַפריינדעט מיט דער סטאַטיסטיק און דאָרט וואו זי דאַרף עפּעס דערווייזן, זאָל עס טראָגן א פּאָזיטיוון כאראקטער אָדער גאָר ווירקן נעגאַטיוו, באַנוצט זי זיך מיט צאָלן, דאַטן, פון וועלכער זי מאַכט די געעריקע אויספירן. און טאַקי ווייל עקאָנאָמיק איז לויט איר טאַמצים איינע פון די קאָנקרעטסטע דערשיינונגען, דעמאָנסטרירט זי אַלעס מיט פאַקטן, אז אירע אויספירן זאָלן זיין באַגרינדעטע און מאַמאָשעסדעקע. דאָך, ווען מען נעמט רעדן וועגן אידישער עקאָנאָמיק אין ארגענטינע, מוז מען זיך אָפּנויגן פון די אַלגעמיין אָנגענומענע קלאָלים און אָנווענדן מער אָן אזוי־גערופענעם מעטאַפיזישן פּרינציפּ, נישט ווייל די אידישע עקאָנאָמיק אין ארגענטינע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסנאַם פון דער אַלגעמיינער עקאָנאָמק, נאָר ווייל עס פעלן די נויטיקע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן מיט פאַקטן באַשטעטיקן די אָנגעוואָרפענע עקאָנאָמישע סכעמע: וועגן דער אידישער עקאָנאָמיק אין ארגענטינע, וועלכע איז אַ מעכטיקע פּראַקטישע דערשיינונג, קען מען רעדן נאָר אין א טעאָרעטישן זין, אָבער דאָס טעאָרעטישע איז געבויט און באַזירט אַף א געגעבענער טאַטזעכלעכער ווירקלעכקייט.

מען דאַרף אָננעמען, אז די אידישע עקאָנאָמיק אין ארגענטינע האָט זיך אָנגעהויבן אומגעפער אין דער צווייטער העלפט פון נייצנטן יאָרהונדערט. זינט דער צייט איז זי געווים געגאַנגען אין א אויפשטייג־פּראָגרעסיע, אָבער איר אַנטוויקלונג שטעלט נישט פאָר מיט זיך א גראַדע ליניע. ווען מען זאָל וועלן די אידישע עקאָנאָמיק אין ארגענטינע פאַרשטעלן גראַפיש, וועט מען זי געווים מוזן אויסדרוקן אין א זיגזאַג־ליניע און נאָך מער אין א געבראָכענער ליניע, וואו אייניקע טיילן פון דער ליניע־געבראָכנקייט וועלן אָנווייזן אַף דער פּאָזיטיווער אַנטוויקלונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק, און איין טייל וועט ווייזן אַף די נעגאַטיווע שטערונגען, וואָס האָבן גוירעם געווען צו פאַרקריפּלונגס־דערשיינונגען אין דער־וועלבער עקאָנאָמיק. און דאָס לעצטע איז אויך נאַטירלעך, ווייל דער סאָציאַלער כאראקטער פון וואַנדערונג — און איבערוואַנדערונגען, ווען די לעצטע ווערן נישט רעגולירט אַף א מעלוכעשן אויפן, מוזן פירן צו אומנאָרמאַלקייטן, אַף וויפיל דער איינגעוואַנדערטער אינדיווידואום איז אָנגעוויזן אַף זיינע אייגענע קויכעס, אַף זיין אייגענער אָריענטאַציע אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק אין לאַנד און מוז צוליב עקזיסטענץ זוכן צופּאַסונג אַף דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד. אזא זוכן א ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד מוז פירן צו געוויסע אומנאָרמאַלקייטן, וואָס שעדיקט דער אַלגעמיינער און נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק און זיי ווערן געדולדעט, נאָר אַף אזוי פיל, אַף וויפל זיי שעדיקן נישט די אינטערעסן פון דער בורזשואַז־קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג: עס איז דער ווילן פונעם יאָכיד קעגן די אינטערעסן פון דעם קלאַל.

מיט אזא דערשיינונג טרעפט מען זיך אָן אין דער אידישער עקאָנאָמיק אין ארגענטינע און טראַכט מען זיך אריין אין דער אַלגעמיינער לאַנדעס־עקאָנאָמיק, אין דעם אויפן, ווי אזוי זי איז אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט, קען מען אויך גרינג פאַרשטיין און אָפּשאַצן, אז קיין אַנדערע וועגן האָט די אידישע עקאָנאָמיק זיך נישט געקענט דורכלייגן.

די עקאָנאָמיק פון ארגענטינע האָט א טאָפּלטן פארצעף: אפן באָדן הערשט א פאטריארכאלער מיטלאלטערלעכער פעאָדאליזם, וועלכער איז נים פאראינטערעסירט צו עקספלואטירן דעם באָדן פאר אן אינטענסיווער לאנדווירטשאפט, נאָר מען פארנעמט זיך מער מיט פיצוכט, ווייל דאָס פריווילעגירט דעם פעאָדאל קעגן דעם, אז ער זאָל אויסמיידן דעם אָנגריף פון דעם לאנדווירטשאפטלעכן ארבעטער. דאָס לעצטע איז געוויס אומפארמיידלעך, אָבער מיט דעם, וואָס דער באָדן ווערט ווייניק קולטיווירט וואקסט נישט דער לאנדווירטשאפטלעכער פראָלעטאריאט, אדאנק וואָס דער קאמף צווישן דעם פעאָדאל און זיין עקספלואטירטן נעמט נישט אָן אזעלכע פארשארפטע פאָרמען. וואָס שאיעך דעם פיצוכט, פאָדערט עס נישט קיין באזונדערע אָנשטרענגונגען און פון דער זייט וואַרט נישט אפן פעאָדאל קיין אָנגריף. אין דער זעלבער צייט ווירקט עס אויך, אז עס זאָל זיך נישט אויסבילדן א מיטעלער און א אָרימער פויערטום, וואָס זאָלן גוירעם זיין צו דער פראגע וועגן פארצעלירן דעם באָדן, האגאם די פראגע איז שוין אָפטמאָל באַרירט געוואָרן אין דער ארגענטינער עקאָנאָמיק. ווי געזאָגט הערשט נאָך אין דער לאנדווירטשאפטלעכער עקאָנאָמיק פון ארגענטינע דער פרינציפּ פון מיטלאלטערלעכן פעאָדאליזם, כאָטש דאָס אָרט פון דעם אַקער האָט פארנומען דער טראקטאָר און די ציוויליזאציע־מיטלען זיינען געוואָרן א באשטאנד־טייל פון דער ווירטשאפט. דאָס איז בענעגייע דער סיסטעם פון דער לאנדווירטשאפטלעכער עקאָנאָמיק, אָבער גאַנץ אנדערש איז די עקאָנאָמיק פון דער שטאָט. אין דער עקאָנאָמיק פון דער שטאָט האָט דאָס פאַרוואָרט דער אויסלענדיש־קאָלאָניזאטאָרישער קאפּיטאל, וואָס האָט זיך זיינע פרינציפּן, וועלכע שטייען נישט אין קיין פארבינדונג מיט דער פעאָדאליסטישער עקאָנאָמיק פון דער לאנדווירטשאפט. אָפטמאָל זיינען די צוויי עקאָנאָמישע דערשיינונגען אפילע קעגנזעצלעכע אין זייערע אינטערעסן, ווען עס האנדלט זיך וועגן עקספּאָרט און אימפּאָרט. און פון דעם איז פארשטענדלעך, אז דאָרטן, וואו עס איז נישט פאראַן קיין אייניהייטלעכקייט אין דער עקאָנאָמיק, דאָרטן קענען אויך נישט זיין קיין געזונטע יעסוידעס פאר שאַפן א פעסטע ווירטשאפט. אָט דאָס אַלעס דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט, ווען מען וויל אנאליזירן, שטודירן, אָדער ביקלאל וואַרפן א בליק אַף דער אידישער עקאָנאָמיק אין ארגענטינע.

געוויס קען מען נישט זיין קיין אָפּטימיסט אין הינזיכט פון די פאָרמען, וועלכע עס האָט אָנגענומען די אידישע עקאָנאָמיק אין ארגענטינע, מען דאַרף אָבער אויך נישט זיין איבערנערווייזט אין די אָפּשאַצונגען און פאַרוואַרפן איר די נעגאַטיווע זייטן, וועלכע קענען בעשומויפן נישט באַזייטיקט ווערן, קאָלזמאַן עס האָבן זיך נישט געענדערט די מעטאָדן, פרינציפּן און פּארצעף פון דער אַלגעמיינער ארגענטינער עקאָנאָמיק. די אידישע עקאָנאָמיק קען מען נישט באַטראַכטן, ווי א זעלבסטשטענדיקייט, ווי אן איזאָלירטע דערשיינונג, נאָר ווי א געוויסן באַשטאַנדטייל פון דער אַלגעמיינער ארגענטינער עקאָנאָמיק בלויז מיטן אויסנאַם, וואָס די עקאָנאָמיק ווערט געטראָגן פון א באַשטימטער נאַציאָנאַלער מינדערהייט.

די אידישע עקאָנאָמיק אין ארגענטינע אין איר אַנטוויקלונגס־גאַנג איז נישט געווען באַצירט מיט רויזן, — זי האָט דורכגעמאַכט א שווערן קרייצוועג, אָפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע אין דער וועלט און אין לאַנד, אָפּהענגיק פון די אַלגעמיינע און היימישע קריזיסן, אָפּהענגיק פון צייט און עפּאָכע. אין דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין ארגענטינע דאַרף מען אונטערשיידן דריי עפּאָכן: די פאַרמילכאָמע־עפּאָכע, וועלכע הויבט זיך אָן אין 1890־טן יאָר און ציט זיך ביזן אָנהויב פון דער וועלט־מילכאָמע, — ביז 1914־טן יאָר, די מילכאָמע עפּאָכע ביז 1918־טן יאָר און דאַן די נאָך־מילכאָמע־עפּאָכע, שוין פאַרבונדן מיט דער וועלט־דעפּרעסיע און אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן קריזיס.

מען דאַרף אָנהויבן דעם ערשטן פּעריאָד פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין אַר־

גענטינע מיט 1890־טן יאָר, ווייל פון דעם מאָמענט הויבט זיך אָן די אידישע איינ־וואַנדערונג פון מיזרעך־אייראָפּע. עס איז קיין סאָפּעק נישט, אַז נאָך פיל פריער פון דער דערמאָנטער דאַטע האָט זיך אָנגעהויבן אַן אידישע איינוואַנדערונג קיין אַרגענ־טינע, אָבער צו אַן אידישער עקאָנאָמיק האָט זי געהאַט אַ קנאַפּן שייכעס: אַן אידי־שע עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע הויבט זיך אָן פון אויגוסט 1889־טן יאָר, ווען אַפּן אַרגענטינישן באָדן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע 135 אידישע מישפּאָכעס מיט אַ קיימעלאָן פון קנאַפּע טויזנט נעפּאַשעס, האַגאַם עס איז שוין באַטאָנט געוואָרן, אַז די איינוואַנדערונג האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פיל פריער, ווענן וואָס עס זאָגן איידעס געשיכטלעכע פאַקטן: אַזוי, צום ביישפּיל, איז באַוואוסט, אַז אינעם אַרגענטינישן באַפרייאונגס־קאַמף בא קאַסאַרעס האָט מיטגעקעמפט דער איד, לויס ברי, וועלכער האָט נאָכהער אין דער מילכאָמע מיט פּאַראַגוואַי באַקומען דעם קאַפּיטאַן־טיטל פון דער אַרגענטינער אַרמיי.

דער ערשטער פּעריאָד פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע, ווי באַ־וואוסט, טראָגט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן כאַראַקטער. דער אייגנטלעכער און פּיק־סירנדיקער מאָמענט פונעם לאַנדווירטשאַפטלעכן כאַראַקטער הויבט זיך אָן מיט ברענגען די ערשטע 200 מישפּאָכעס, פּראָטעזשירט פון דער איקאַ, צו קאָלאָניזירן זיי אַף די אַרגענטינער פרייע שטאָכים. די ערשטע צוויי הונדערט מישפּאָכעס האָבן באַדאַרפט שאַפן דאָס קערנדעל פאַרן ווייטערדיקן וואוקס פון דער אידישער קאָלאָ־ניזאַציע אין אַרגענטינע און פאַר דעם צוועק האָט די איקאַ אין 1893־טן יאָר גע־בראַכט אַ ווייטערדיקן טראַנספּאָרט איינוואַנדערער צו באַזעצן זיי אַף ערד און דאָס ווערט שוין אַ מאָמענט פון פאַרוואַנדלען אַרגענטינע פאַר אַ לאַנד פון אַן אַלגעמיי־נער אידישער איינוואַנדערונג.

די לאַנדווירטשאַפטלעכע אידישע עקאָנאָמיק הויבט זיך אָן מיט די ערשטע 202.966 העקטאַר באָדן, וועלכע די איקאַ האָט אין 1892־טן יאָר אויסגעטיילט פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע, פּאַרטיילט צווישן די קאָלאָניעס קלאַראַ, סאַן־כאַסע, סאַן־אַנטאָניאָ, פּאַלמאַר, זשאַטאַי, לאַפּעס אי בערא, לוסיענוויל און לאַ נאַמאַ, נאָכהער איז דער פּאָנד אויסגעוואַקסן ביז 373.272 קאָלאָניזירטע העקטאַר באָדן. דאָס לעצטע, נאַ־טירלעך איז פאַרבונדן אויסשליסלעך מיט דער איקאַ־קאָלאָניזאַציע, אָבער פאַראַן זיינען אויך פּריוואַט־אידישע באָדנס, זעלבסטשטענדיק קאָלאָניזירטע, לויידער ווייסט מען אָבער נישט דעם שטעטך, וואָס די פּריוואַטע קאָלאָניזאַציע פאַרנעמט. אין רע־זולטאַט פון דער איקאַ־קאָלאָניזאַציע זיינען אַנשטאַנען אַ גאַנצע צאָל אידישע קאָ־לאָניעס, מיט אַ קאָמפּאַקטער אידישער קאָלאָניסטישער מאַסע, ווי אַ באַזע פון דער אידישער פּראָדוקטיווער עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע.

צו דער צאָל קאָלאָניעס געהערן: די קאָלאָניעס מאַוריציאָ און באַראָן הירש אין פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, מויזעסוויל און מאָנטיפיאָרע אין סאַנטאַ־פע, קלאַראַ און סאַן־אַנטאָניאָ, סאַנטאַ איזאַבעל און לוסיענוויל אין ענטרע־ריאָס, נאַרציס־לעוועך אין דער פּאַמפּאַ צענטראַל און קאָלאָניע דאָראַ אין סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ. אַרום אַ טייל פון די גרעסערע קאָלאָניעס גרופּירן זיך אויך די אַזוי גערופענע „כוטאָרס", וואָס שאַפן באַשטאַנדטיילן פון די אידישע קאָלאָניעס און לאַנדווירטשאַפטס. אינעם גרעסטן טייל פון די קאָלאָניעס קולטיווירט מען ווייץ, ליאַן, מאַיס, לוצערן, קלעווער און אַנדערע טוואָעס, אויסער אַ פיצוכט, וואו די צאָל פי דערגרייכט אין די צענדלי־קער טויזנטער.

קיין איינגאַרטיקע אידישע עקאָנאָמיק האָט זיך נישט געשאַפן אין די קאָלאָ־ניעס, אָבער דערפאַר האָבן זי געווירקט פאַר דער אויסברייטערונג פון דער באַפעל־קערונגס־זאָנע. אַדאַנק די קאָלאָניעס האָבן זיך אַרום זיי געשאַפן אַזעלכע שטעט און שטעטלעך, ווי ריוועראַ, אַלגאַראָבאַ, מ. הירש, עספּעראַנסאַ, מאָקטעסומאַ, סאַן־טאָ־מאַס, מויזעסוויל, לאַס פּאַלמעראַס, מאָנינאָטעס, ווירכיניאַ, לאַ קאַפּיזשאָ, קאַסעס,

קלארא, דאָמינגעס, פּאלמאר, סאנטא איזאבעל און באסאווילבאסאָ. אייניקע פון די שטעט זיינען באַפעלקערט דורכויס פון אידן, אָבער אין אַלגעמיין זיינען די אַלע אויסגערעכנטע שטעט און שטעטלעך געוואָרן אַ גרויסער בייטראָג נישט בלויז פאַר דער אידישער עקאָנאָמיק, נאָר אויך נישט ווייניקער פאַר דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק פונעם לאנד און זיינען אפילע געוואָרן אַ צוציונגס־קראַפט פאַרן היימישן און אויסלענדישן באַנק־קאַפּיטאל: אין פילע פון די אויסגערעכנטע ערטער געפונט מען אָפּטיילונגן פון די גרעסטע לאַנדעס און אויסלענדישע בענק.

אַלעם דאַרף מען באַזונדערס אויסטייכן די קאָלאָניעס מעראַנאָס אין פּראָווינץ בוע נאָס איירעס, וויזשאַ אירים און וויזשאַ אַלבאַ אין דער פּאַמפּאַ צענטראַל. די אויסגערעכנטע דריי קאָלאָניעס האָבן נישט קיין שייכעס צו די איקאַ־קאָלאָניעס, זיי זיינען געשאַפן געוואָרן דורך די פּריוואַטע מיטלען פון די אידישע איינוואַנדערער און זיינען מוסטערהאַפט אין זייערווירטשאַפט און אָרגאַניזירטקייט. גראַדע די דריי קאָלאָניעס באַשטעטיקן, אַז אידן טוען זיך אויס צו ערדאַרבעט, אפילע דאַן ווען איבער זיי שטייען נישט קיין אַפּעטראָפּסים, אָדער פּראָטעזשירנדיקע אָרגאַניזאַציעס.

2.

ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, איז די לאַנדווירטשאַפט, אָדער ריכטיגער געזאָגט — די אַגריקולטור, געוועזן דער יעסאָד און דער אור־פּרינציפּ פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע. עס הייסט אַז די אידישע איינוואַנדערונג איז אין איר אָנהויב געגאַנגען נישט אין שטאָט, נאָר אין דאָרף, צו באַזעצן זיך אויף באָדן, דאָך האָט זיך נישט געשאַפן אַ ספּעציעלער אידישער פּויערטום, אַן אויסגעפּורעמטער און סטאַבילער. עס איז אין פולן זין פון וואָרט נאָר אַ קאָלאָניסט, וואָס פּראָדוצירט און באַטראַכט זיין שטיקל באָדן נישט ווי אַ װערקצייג צו באַקומען מיט אים און דורך אים כעיונע פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזונט, נאָר ער באַטראַכט עס, ווי אַ געגנשטאַנד פון עקספּלואַטאַציע און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אינעם גרעסטן טייל אידישע קאָלאָניעס זאָל געמאַכט ווערן דער אָפּנויג פון די פּרינציפּן פון אַגריקולטור, איבערגייענדיק צו איינפירן אַזעלכע קולטורן, וואו דער קאָלאָניסט ווערט דער פּראָדוצענט, וואָס נוצט אויס געדונגענע אַרבעט, אָדער ער ווערט דער סויכער פון ווייץ און פּי־הענדלער. צו אַזעלכע געהער די קאָל. מאָזעסוויל, וועלכע איז מער שטאָט, ווי קאָלאָניע, — די קאָלאָניע האָט שוין לאַנג פאַרלאָרן איר קאָלאָניסטישן פּאַרצעף, — מאָזעסוויל איז געוואָרן אַ שטאָט פון אידישן האַנדל, פון אַ פּיצוכט אָפּן כעשבן פון קולטיווירן די אַגריקולטור. אויף דעם כעשבן „פּוסטעווען" גרויסע שטאָכים ערד, ווייל מען דאַרף זיי האָבן פאַר פּאַשע, בלויז קליינע טיילן ווערן פאַרזייעט מיט ליאָן, אָבער אַממערסטן מיט קלעווער און לוצערן, ווייל די זריעס האָבן די איינגשאַפט אַרויסצובריינגען געוויקסן עטלעכע יאָר קעסיידער און דאָס איז ווי געוואונטשן, פאַר דעם פּיצוכט. דאָס פאַרזייען פון די זריעס גייט נישט פאַרן פאַרקויף, נאָר פאַר די איינענע צוועקן, דערביי ווערט אָבער נישט גענומען אין באַטראַכט, אַז פון די דערמאָנטע זריעס מאָגערט שטאַרק אויס דעם באָדן און גענוג איז, אַז צו דער צייט זאָלן נישט גיסן קיין רעגנס, ווי עס גייט פאַרלאָרן די גאַנצע זריע אויף אַ גאַנץ יאָר. און אין דעם, וואָס די קאָלאָניע מאָזעסוויל איז איבערגעגאַנגען פון ריכטיקער אַגריקול־

טור צו פיצוכט, איז געווען נישט א באזונדערע נויטווענדיקייט נאר אן אנשטעקונג, וואס הערשט אין דער גאנצער מעדינע, ווייל די גרויסע גוטבאזיצער פארנאכלעסיקן דאס קולטיווירן פונעם באדן און האלטן מער פון פיצוכט. דאס לעצטע טוען זיי, ווייל אדאנק דעם מיידן זיי אויס האבן צוטון מיט ארבעטער, — זיי קולטיווירן אייניקע שטאכים ערד נאר דארט, וואו די פיצוכט איז אוממעגלעך און ווען דאס איז נויטיק פאר באקומען רעגירונגס־סובסידיעס, אדער נאר דורך דעם, ווי גרויס־אגראריער, צו באאיינפלוסן די פאליטיק פונעם לאנד, — די אייגנטלעכע אגריקול־

עגיגרעט א גרויסער שיכט אידישע הענדלער מיט פי־מעקלערס און פארמיטלער וואס שטייען אין א דירעקטער פארבינדונג מיט די גרויסע שלאכטערייען און אוסלענדישע פי־עקספארטערן.

דעם ביישפיל פון דעם גרעסטן טייל קאלאניסטן אין דער קאלאניע מאזעסוויל דארף מען נאטירלעך נישט אנווענדן אף אלע אן אויסנאם קאלאניסטן. אין דער קאלאניע איז נאך געבליבן א שייריסהאפלייטע, וואס זיצן אף זייער „כוטאר" - ווירטשאפט און לעבן פון זייער נאטור־הארעוואניע און פון דעם, וואס די נאטור אין איר גוטסקייט און קאפריזן שיינקט זיי. די פארבליבענע אפן באדן קאלאניסטן קולטיווירן פלאקס, ווייץ, קארן, מאיס, האבער, גערשטן און לוצערן. געווען זיינען אויך פרואוון פון איינפירן מילך־ווירטשאפטן, אבער צוליב דעם, וואס עס האט זיך באוויזן דער פי־הענדלער, האלט דער קאלאניסט, אז אים לוינט בעסער צו פארקויפן דאס פי, ווי זיך צו באשעפטיקן מיט מילך־פראדוקציע. דערפאר האבן אבער אייניקע צוגעקומענע נייע קאלאניסטן זיך גענומען צו געפלינגל־צוכט און דער צווייג פון לאנדווירטשאפט הויבט אן צו האבן דערפאלג.

מען האט זיך געמוזט באזונדערס אפשטעלן אף דער קאלאניע מאזעסוויל, ווייל די איז דער ביישפיל, ווי אזוי דער אידישער איינוואנדערער, וואס איז געקומען קיין ארגענטינע זיך צו באשעפטיקן מיט לאנדווירטשאפט, האט בעהאדראענדיק פארלאזן דעם פראדוקטיוון צווייג פון דער אידישער עקאנאמיק און איז געווארן א סויכער, א פי־הענדלער. דער פסיכאלאגישער מאמענט פון אזא איבערגאנג אין שוין אנגעוויזן געווארן, אבער נישט ווייניקער דארף אויך גענומען ווערן אין באטראכט די אלגעמיינע עקאנאמיק פונעם לאנד אין איר גאנצער אנטוויקלונג. אין געוויסע הינזיכטן איז דער אידישער לאנדווירט אין ארגענטינע אנגעוויזן אף א שווערן לעבן. דער באדן איז נישט איבעריק געבענטשט, אויך זיינען נישט רעגלמעסיק די אטמאספער־ווירקונגען און ליידט ניט דער באדן פון פארטריקעניש, אדער גאר פון איבריקער פייכטקייט, קומט אן דער איישעריק און נישט ווילנדיק איז דער קאלאניסט שטענדיק אין זארג, אויב דער באדן וועט אים פארזארגן מיטן גערויקן אויסהאלט. אין די ערשטע צייטן פון באזעצן זיך אפן באדן האט ער געקענט בלויז באם זארג בלייבן, ווייל דאס לאנד האט אים נישט געגעבן קיינע אנדערע עקאנאמישע מעגלעכקייטן אבער אין 1900־טן יאר הויבט זיך אן א קארדינאלער איבערברוך אין דער אלגעמיינער ארגענטינער עקאנאמיק און דאס האט נאטירלעך אויך געהאט א ווירקונג אף דער אידישער עקאנאמיק: ביז 1900־טן יאר האט אין ארגענטינע געהערשט אויסשליסלעך די פעאדאלע ארגאניזאציע, פון 1900־טן יאר ווידער באווייזן זיך די גרויסע אינדוסטריעס, ארגאניזירטע פון די אויסלענדישע קאלאניזאטארישע קאפיטאלן, — עס ווערן אויסגעבויעט די ערשטע שלאכטערייען, פעטראלעאום־ און אנדערע פראדוק־

ציעס, וואָס הויבט אָן ווירקן רעוואָלוציאָנער אַף דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק. די אַלטע פאָרמען פון דער אַרגענטינער עקאָנאָמיק ווערן נאַטירלעך נישט צעבראָכן, נישט אָפּגעשאַפט און נישט אַרויסגעשטויסן, נאָר צום פעאָדאַל־עקאָנאָמישן רעזשים פון דער ווירטשאַפט קומען צו נייע צווייגן פון עקאָנאָמיק, וואָס הויבן אָנעוו אָן צו ווירקן אויך עמאַנסיפּירנדיק אַפן סאָציאַלן לעבן, וועלכעס איז געווען באַאיינפלוסט אויסשליסלעך פון קאָנסערוואַטיווע אידייען און פון קאָנסערוואַטיוון שטיינער.

צוזאַמען מיטן אַריינדרינגען פון דער אינדוסטריע, מיטן אָנהויב פון אָן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל אַנטשטייט אויך אַ נויטווענדיקייט אין קאַפּיטאַלן, וואָס זאָלן פינאַנצירן די אינדוסטריע און שאַפן די באַזע פאַר אַ פאַרצווייגטן האַנדל. עס איז אָן אַלטער, אויסגעפּרוּווטער עקאָנאָמישער קלאַל, אַז איין עקאָנאָמישער קאַפּיטאַל באַגלייט אַ צווייטן אין אַלע זיינע וואַנדערונגען. אַזוי אַרום האָט זיך אין 1910־טן יאָר צוזאַמען מיט אַ שוין דערפאַרענעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל באַוויזן אָן אָרגאַניזירנדיקער און אָרגאַניזירטער באַנק־קאַפּיטאַל אין די שטעט, וואו די אינדוסטריע האָט פאַרלייגט איר אַכיזע: אין דער הויפּטשטאָט בוענאָס איירעס, וואו עס איז קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל פון דער אויסלענדישער אינדוסטריע און האַנדל, אין קאָרדאָבע, ווייל אַף איר דאָרעם־מיירעוודיקן טייל געפונען זיך די רייכע פּי־צוכטן פון די סאַנטאַ־פעער און ענטרע־ריאָסער פעלדער, אין טוקומאַן, וואו עס זיינען קאָנצענטרירט די צוקער־פּלאַנטאַציעס און אין אַוועזשאַנרע, וועלכע איז דער צענטער פון די גרעסטע שלאַכטרייען.

נאַטירלעך, ווען עס האָבן זיך געעפנט אַנדערע קוואַלן פון עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן, איז עס געוואָרן צוציענדיק פאַרן שווער־אַרבעטנדיקן קאָלאָניסט, וועלכער האָט דאָך געזוכט די ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד אין זיין קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אַף אַזאַ אויפן איז דער קאָלאָניסט פון לאַנדווירטשאַפט אַריבער צו האַנדל און אין דער ערשטער ריי צו פּי־האַנדל. דאָס אַגעוו האָט אויך בעליסאָפּעק געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, אַז אַרום די אידישע קאָלאָניעס זאָלן זיך שאַפן די שטעט־אישואווים, וועלכע זיינען שוין אויסגערעכנט: זיי זיינען געוואָרן אַ נויטווענדיקייט אַף וויפיל אַרום דעם קאָלאָניסטישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ האַנדל, — ווי דאָס דאַרף איז דער צענטר פון דער לאַנדווירטשאַפט, אַזוי איז די שטאָט דער צענטר פונעם האַנדל אָדער ריכטיקער געזאָגט דער פאַרמיטלונגס־פונקט פאַרן אויסטויש פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן אַף דער שטעטישער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. אַזוי אַרום זיינען די שטעטלעך געוואָרן אַ נאַטירלעכע נויטווענדיקייט פון אָן אַנטוויקלנדעקער זיך עקאָנאָמיק. מען קען זיך נאַטירלעך באַציען מיט פאַראורטייל צו אַזאַ דערשיינונג, ווייל עס האָט איבערגעפירט די פּראָדוקטיוויזירונג פון אַ געוויסן אידישן קלאַל, אָבער דער פאָראורטייל איז אַביסל איבערגעאיילט, — די אַנטוויקלונג טראָגט אַ גאַנץ נאַטירלעכן כאַראַקטער אין די אומשטענדן פון אַ קאַפּיטאַליסטישער, דערצו מיט אַ געוויסן אָפּשיין פון פעאָדאַליזם, עקאָנאָמיק. באַמערקענסווערט צווישן דעם איז דאָס, וואָס די ערשטע אידישע איינוואַנדערונג קיין אַרגענטינע האָט געטראָגן אָן אַגריקולטור כאַראַקטער און זי האָט געלייגט די ערשטע דעם פונדאַמענט צום קליינעם האַנדלס־שטעטל אין אַרגענטינע. דער אידישער איינוואַנדערער איז געוואָרן דער אַזוי־גערופענער דריטער שטאַנד, — דער פאַרמיטלער צווישן שטאָט און דאָרף און אַזוי ווי צום ביישפּיל מאָזעסוויל איז געוואָרן אַ צענטר פון אידישן פּי־האַנדל, אַזוי זיינען אַנדערע ערטער געוואָרן צענטרן פון אידישן טוואַוע־האַנדל, וואָס האָט געפירט צו ווייטערדיקער דיפערענצירונג: צום קאָלאָניסט און פּי־הענדלער קומט צו אַ נייער שיכט טוואַוע־הענדלער אָן טוואַוע־פאַרמיטלער און אַרום די הויבט זיך שוין אָן צו גרופּירן דער קליינער אידישער פּראָווינץ־קרעמער צו באַזאָרגן דעם אידישן קאָלאָניסט, ווי די איינגעבוירענע באַפעלקערונג מיט די מיטלען פון ערשטן געברויך און מיט די נויטיקע

פראָדוקטן פאַר די אַנדערע היצטאַרכעסן. דער אידישער איינוואַנדערער ווערט אַ פאַרבינדנדעקער עלעמענט צווישן דער אַנטשטייענדיקער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט. ער שאַפט נייע באַזעס פאַר דער אידישער עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע, אָבער אָן דעם, אַז ער זאָל ווערן דער גרויס־שטאָטישער עלעמענט. געווען איז אויך אַן אָפּפלוס פון דער קאָלאָניע אין דער גרויסער, אין דער הויפּטשטאָט, אָבער אין אָנהויב האָט דער אָפּפלוס נישט געהאַט קיין גרויסע ווירקונג, עס זיינען געווען אַ טייל קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך „עמאַנסיפּירט“ פון דער איקאַ־וואוילטעטיקייט צוליב געוויסע טאַימים. דער איקער איז געווען דאָס בויען פון קליינע אידישע שטעטלעך־אישואַווים אין די ערטער, וואו עס זיינען קאָנצענטרירט געווען די אידישע קאָלאָניעס, שאַפנדעק אַ פעריפעריע פאַר האַנדל און אינדוסטריע ־ אָפּזאַץ.

דאָס שאַפן און אַנטשטיין פונעם קליינעם שטעטל מיט אידישע הענדלער און פאַרמיטלער האָט געהאַט אַ געוויסע עמאַנסיפּירנדיקע ווירקונג אַף דער אידישער עקאָנאָמיק, איבערהויפּט אינעם קאָלאָניסטישן וועזן. אַדאַנק דעם, וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו קומען אין אַ דירעקטער און אומדירעקטער באַרירונג מיט דער גרויסער האַנדלסוועלט דורכן הענדלער און פאַרמיטלער, פילנדיק די ערשטע עקספּלואַטאַציע פון די צוויי נייע שיכטן, איז אַנשטאַנען די אידייע פון פאַרטיידיקן זיך קעגן אַזאַ עקספּלואַטאַציע און זיך שטעלן אין אַ דירעקטער פאַרבינדונג ווי מיטן נעברויכער, אַזוי אויך מיטן עקספּאָרטער, ווי מיטן פראָדוצענט פון די פאַרשיידענע אַרטיקלען, אין וועלכע דער קאָלאָניסט האָט זיך גענויטיקט. עס איז געווען די אידייע פון זיך אָרגאַניזירן און פון דעם איז אַרויסגעוואַקסן די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין די אידישע קאָלאָניעס. די אידישע קאָלאָנסטן זיינען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן געוואָרפן אין אַרגענטינע, דעם לאָזונג פון קאָאָפּעראַציע און אים אויך פאַרווירקלעכט: די אידישע לאַנווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע איז געוואָרן אַ מוסטער אויך פאַר דער נישט־אידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַציע און די רעגירונג גופא האָט זיך באַנוצט מיטן אידישן ביישפּיל פאַר אַן אָפיציעלער מעלוכעשער קאָאָפּעראַציע אין דער אַרגענטינער לאַנווירטשאַפט. אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווע אידישע אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירן כמעט אין אַלע אידישע קאָלאָניעס און די וויכטיקסטע צווישן זיי זיינען די מוטוא אַגריקאָלאַ, סאָצ. אַגריקאָלאַ איזראַעל, פאָנדאָ קאָמונאַל, פאַלמאַר־זשאַטאַי, קאָלאָניאַס אונידאָס, סאַנטאַ איזאַבעל, אוניאָן אַגריקאָלאַ איזראַעל, גראַנכערעאָס אונידאָס, לאַ פראַטערנאַל אַגריקאָלאַ און אייניקע אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע אידישע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַלגעמיינער לאַנדווירטשאַפטלעכער עקאָנאָמיק פונעם לאַנד און רעגולירן דאָס קאָלאָניסטישע וועזן, ווי די גאַנצע אידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע עקאָנאָמיק: די אידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון זיינען אַ פּאָטענציעלער פאַקטאָר אין דער אידישער עקאָנאָמיק פון אַרגענטינע. פון זיי איז אַרויסגעוואַקסן דער ערשטער אידישער טוואַוע־עלעוואַטאָר אין דער קאָלאָניע דאָמינגעס, — אַ דערשיינונג, — וואָס וועט שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פראָדוקציע פונעם לאַנד. דערפאַר אָבער האָט די אידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע נישט אַרויסגעטיילט פון זיך קיין אידיש פּויערטום, קיין אידישן לאַנדווירטשאַפטלעכן אַרבעטער און טאָג־לוינער.

.3

אין דער ערשטער עפּאָכע פון דער אידישער באַזעצונג אין אַרגענטינע איז די איינוואַנדערונג געגאַנגען אין גרעסטן טייל אַף איינאָרדנען זיך אַף באָדן, בלויז אַ מינימאַלער טייל פון אימיגראַציע איז געגאַנגען אין שטאָט. בא דער געלעגנהייט דאַרף מען אויך אָפּטיילן איינע פון די צווייטע, — די איינוואַנדערונג פון דער אי־

מינראַציע. די איינוואַנדערונג האָט מער צוזון מיטן יעכידישן, אָדער ווען קלענערע גרופעס ווערן אַף אן אָרגאַניזירטן אויפן אריבערגעפירט פון איין אָרט אפן צווייטן, בעיים אימיגראַציע טראָגט אַ מאַסן־כאַראַקטער און קומט אין גרעסטן טייל פאָר כאַאָטיש, נישט רעגולירט. דער איקער דאַרף מען עס אונטערשיידן אינעם פאַל ארגענטינע. אינעם ערשטן פעריאָד, אין זיין גרעסטן טייל, ווי געזאָגט, איז געגאַנגען אן איינוואַנדערונג. דאָס זיינען געווען די גרופן איבערוואַנדערער, וועלכע די איקאַ האָט געבראַכט צו באַזעצן אפן באָדן. דער פעריאָד טראָגט אן אידעאַליסטישן כאַראַקטער, סיי מיצאַד די, וואָס האָבן געהאַט דעם גוטן מיין און ווילן אריבערצופירן אַ גרויסן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג צו פראָדוקטיווער לאַנדווירטשאַפט, סיי מיצאַד די איינוואַנדערער גופע, וואָס האָבן געזוכט צו פאַרווירקלעכן זייער אן אידעאַליסטישן טרוים פון ווערן פראָדוקטיווע ארבעטער. און אין ביידע פאַלן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אידייע מיט אומגליק. די אינספּירירער פון אן אידישער ערד־באַזעצונג אין אַרגענטינע, וואָס שטאַמען פון פראַנקרייך, האָבן בעליסאָפעס זיך געפונען אונטער דער האַשפּאָע פון די פראַנצויזישע אוטאָפּיסטן מיט אַ צולאָג פון אַ נייעם וואָילטעטיקן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו מאַכן באַמערקבאַר מיטן נייעם אידעאַל פון שיוואַס־ציען און געפונען האָט עס אָפּקלאַנג אַדאַנק די פּאָגראָמען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד צום סאָף פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. קען מען טאַקי באַמערקן, אַז די איינוואַנדערונג קיין ארגענטינע אין יענע צייטן איז געגאַנגען אויסשליסלעך פון די ערטער אין רוסלאַנד, וואָס האָבן געליטן פון פּאָגראָמען. די ערשטע ליפעראַנטן פאַר דער איינוואַנדערונג קיין ארגענטינע זיינען געווען ליטע און בעסאַראַביע, אין ליטע זיינען עס אַממערסטן געווען די טיילן פון ארום גראָדנע, וואו עס זיינען נאָך נישט געווען די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס און פון בעסאַראַביע איז געווען ניי־בעסאַראַביע, וואָס איז געליגן נאָנט צו דער רוסישער האַפנשטאָט אָדעס. און אָדעס אַגעוו איז געווען די ערשטע, וואָס האָט געגעבן די ערשטע אימיגראַנטן פאַר דער שטאָטישער איינוואַנדערונג קיין ארגענטינע.

עס איז געווען וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אפן לעצטן, ווייל אדאַנק דעם קען מען זיך שאַפן דעם ריכטיקן באַגריף וועגן דער עקאָנאָמישער גלידערונג פון די ערשטע אידישע איינוואַנדערער קיין ארגענטינע. געקומען מיט אַ נייער פּסיכאָלאָגיע, ריכטיקער געזאָגט, מיטן ווילן צו אַ נייער סטרוקטור, האָבן זיי דאָך אריבערגעבראַכט קיין ארגענטינע די פּסיכאָ־עקאָנאָמישע נייגונגען פון דער אַלטער היים, און אויב אין דער ערשטער צייט האָט זיך עקאָנאָמיש אָנגעהויבן גלידערן ארום דעם אידישן לאַנדווירט דער אידישער פּי־הענדלער און פּי־פאַרמיטלער, דער אידישער טוואָוען הענדלער און מעקלער, איז עס געווען אן אָפּשפּיגלונג פון דער עקאָנאָמיק, אין וועלכער די איינוואַנדערער האָבן געלעבט פריער, ביזן איבערוואַנדערן. אין אָנהויב האָט בלויז געפעלט דער קאַפּיטאַליסטיש־עקאָנאָמישער פּראָצעס, וואָס זאָל די דערשיינונג ברענגען צו איר אַלגעמיינעם אויסדרוק.

און אַנדערש האָט עס אויך ניט געקענט זיין. ווייל פאַראַן איז איין אַלגעמיינער געזעץ פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק אומעטום און די אידישע איינוואַנדערונג האָט נישט געקענט ווערן אן אויסנאָם. דערצו זיינען צוגעקומען די פעריאָדישע קריזיסן אין דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק, וועלכע האָבן אויך נישט אויסגעמיטן ארגענטינע, און דאָס האָט געהאַט אַ ווייטערדיקע ווירקונג: אויב אדאַנק געוויסע עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן זיך ארום די אידישע קאָלאָניסטן געשאַפן גרעסערע אָדער קלענערע האַנדלס־צענטערס, וואו די אידישע איינוואַנדערונג האָט געפונען איר אַ ווייטערדיקן עקאָנאָמישן טיקען און אַנטוויקלונג, האָבן די קריזיסן אָנגעהויבן אָפּצוצאַפּן אביסל מענטשן־מאַטעריאַל פון דער קאָלאָניע אין דער הויפּטשטאָט: אַ גרויסע ווירקונג האָט דערביי נאַטירלעך געהאַט די באַציונג פון דער אי־

קאָ־אַדמיניסטראַציע צו די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין פּעי־
קייטן זיך צו „עמאַנציפּירן“, אָבער אין גרעסטן טייל האָט געהאַט אַ ווירקונג דער
עקאָנאָמישער קריזיס, מיט וועלכן די איינוואַנדערונג קיין אַרגענטינע האָט זיך צו־
זאַמענגעטראָפן אין מעשעך פון 1890־טן ביז 1899־טן יאָרן, — פאַר אַרגענטינע
איז עס געווען דער ערשטער קריזיס פונעם אַרגענטינער קאַפּיטאַליזם און דאָס האָט
זיך דירעקט אויך אַריבערגעטראָגן אַף דער אידישער איינוואַנדערונג: עס איז אַ גע־
זעץ, אַז בײַ יעדן עקאָנאָמישן קריזיס שטראָמט אַ גרעסערער טייל פון דער דאָרפישער
באַפעלקערונג אין די שטעט און דעם געזעץ האָט אויך נישט געקענט אויסמיידן
דער אידישער איינוואַנדערער. אַזוי האָט זיך באַוויזן אין בוענאָס איירעס דער ערש־
טער טייל פון דער אידישער איינוואַנדערונג אין געציילטע יעכידים, וואָס זיינע גע־
קומען צו זוכן פאַר זיך אַ נייע עקזיסטענץ. ערשט שפּעטער האָט אָנגעהויבן צוצוקר־
מען דער פאַרמעגלעכער איד, וועלכן די גרויס־געוואָרענע געשעפטן און געוויס אויך
קינדער־טאַכלעס האָבן געטריבן פון דעם קליינעם אישעוו אין דער גרויסער, אין דער
הויפּטשטאָט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ קאַרדינאַלע
ענדערונג אין דער אידישער איינוואַנדערונג קיין אַרגענטינע: עס האָט זיך אָנגע־
הויבן אַ מאַסן־אימיגראַציע, און די מאַסן־עמיגראַציע האָט שוין געטראָגן אַן אויס־
שליסלעכן גרויסשטאָטישן כאַראַקטער.

אַ מאַסנאימיגראַציע קיין אַרגענטינע הויבט זיך אָן צווישן 1906־טן און 1907־
טן יאָרן. אָבער, ווען אין די ערשטע צייטן האָט די אידישע איינוואַנדערונג קיין אַר־
גענטינע געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ באַלייִדיקטן נאַציאָנאַלן געפיל, אַרויסגערופן
דורך פּאָגראָמען, און געזוכט צו דעמאָנסטרירן פאַר דער וועלט, אַז אידן קענען אויך
ווערן אַ פאָלק פון פּראָדוקטיווע לאַנדווירטשאַפטלעכע עלעמענטן, איז די מאַסנאי־
מיגראַציע געווען אַ רעזולטאַט פונעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלו־
ציע און פון די פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אַף דער רוסיש־
אידישער אַרבעטערשאַפט און אינטעליגענץ: די פאַרפאָלגטע עלעמענטן פאַרלאָזן
זייער אַלטע היים און וואַנדערן אויס אין די מעאייוועור־לאַיאַם־לענדער. אין איר
גרעסטן טייל גייט די אימיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו עס האָבן זיך
שוין אין יענע צייטן געשאַפן געגנוג פעסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אַ קלענערער
טייל פון ווייניקער־אומבאַמיטלטע אימיגרירט קיין אַרגענטינע צוליב די פּריווילע־
גיעס און ביליקע נעסיעס, וואָס די שיפס־געזעלשאַפטן פלעגן דאַן געבן. עס איז גע־
ווען די עפּאָכע, ווען די אַרגענטינער רעגירונג האָט געהאַלטן אין שטרענגען דורכ־
פירן דעם אַלבערדי־פּרינציפּ, אַז רעגירן הייסט באַפעלקערן.

די מאַסנאימיגראַציע האָט געשאַפן דעם נייעם שטאָטישן עלעמענט פון דער
אידישער עקאָנאָמיק. די נייע אידישע אימיגראַנטן האָבן אַריינגעטראָגן אַ נייעם
גייסט שוין צוליב דעם אַליין, וואָס אין גרעסטן טייל זיינען זיי געווען פּאָליטיש־גע־
זאָנענע מענטשן, אידעאַליסטן, וואָס האָבן געלעבט אינעם ווילן פון רעוואָלוציאָנערע
שטרעבונגען. געוויס איז עס מער געווען פאַרבונדן מיט ראָמאַנטיזם, ווי מיט רעוואָלו־
ציאָנערן טאַט, אָבער עס הויבט אָן צו באַקומען גרויסע ווירקונג אַף דער קריסטאַלי־
זירונג און אויסגעפורעמקיים פונעם איד־שטאָטישן אישעוו אין אַרגענטינע. די־
רעקט, אַף וויפל דער אידישער אישעוו קריסטאַליזירט זיך, פורעמט זיך אין אַ באַ־
שטימטער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־דערשיינונג, ווירקט עס אויך אַף נייע
צווייגן אין דער אידישער עקאָנאָמיק. עס איז נאָך אַלץ דער ערשטער פּעריאָד פון
דער אידישער באַזעצונג אין אַרגענטינע, אָבער דאָס לאַנדווירטשאַפטלעכע הויבט
זיך אָן צו פאַרטונקלען אינעם נייעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער שטאָט: די שטאָט
הויבט אָן צו באַקומען די אויבער־האַנט און ווערט מאַסנעבנדיק אַפן געביט פון
דעראָבערן נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און צווייגן פון אַרבעט.

די נייע מאַסנאימיגראַציע איז געגאַנגען פון דריי טיילן פונעם אַמאָליקן רוס־

לאַנד: — אַממערסטן איז די אימיגראַציע געגאַנגען פון פוילן, איבערהויפט פון אַזעלכע אינדוסטריעלע געביטן, ווי לאָדזש און וואַרשע, פון ווילנער און ביאַליסטאָקער געגנטן אין ליטע און פון דער רוסישער האַפנשטאָט אָדעס. מיט די אַרומיקע נישט ווייט־געלעגענע פון איר שטעט. אין די אַלע דערמאָנטע ערטער איז געווען שטאַרק די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג און נישט ווייניקער שטאַרק זיינען דאָרטן געווען די פּאָליטישע פאַרפּאָלגונגען נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט געצוואונגען אויסצוואַנדערן, אָבער דערצו האָט אויך פיל מיטגעווירקט דער עקאָנאָמישער מאָמענט. און מען דאַרף מעשאַער זיין, אַז דער אימיגרירנדיקער עלעמענט איז געווען אין זיין גרעסטן טייל אַן עקאָנאָמיש־אַקטיווער. אָבער ער האָט נישט אָנגעטראָפן אין אַרגענטינע אַזאַ עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג און פּאָזיציעס, אַז ער זאָל גלייך קענען געווען אַריינדרינגען אינעם עקאָנאָמישן פּראָצעס. דער אידישער אימיגראַנט האָט נישט געהאַט בלויז נישט בא וואָס צו פאַרווערטן זיין פאַך, נאָר עס איז אים אַפילו געווען שווער צו פאַרקויפן זיין פיזישע קראַפט און ענערגיע. ער האָט געמוזט זיך אָנהויבן צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען און זוכן פאַר זיך אַן עקאָנאָמישן אָנהאַלט — בא וואָס עס האָט זיך געלאָזט. און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די אַרגענטינער עקאָנאָמיק פון יענער עפּאָכע? זי איז נאָך דורכאויס פרימיטיוו און ווייניק אַנטוויקלט. די אינדוסטריע איז נאָך אין אַן עמבריאָנאַלן צושטאַנד און די אַרבעטערשאַפט גופא איז נאָך ווייניק אַ קריסטאַליזירטע. האַנדל די צייט איז געווען רייך אין שטרייקן. די עקאָנאָמיק אין יענע צייטן האָט מער געטראָגן אַ באַדינענדעקן כאַראַקטער. עס זיינען געווען בעקערייען, טישלערייען; פאַר באַדינען מיט מעבל און צודאַטן פאַר ביניאָנים, מויערער, טעסלער, פּרעסער, פריזירער, שוסטער, שטעפער, טאַבאַק־שניידער, אָננעשטעלטע, מאָדיסטקעס, הוטנמאַכער, מאָליער, האַפנאַרבעטער און אַנדערע קלענערע פאַכן. אין גרעסטנטייל זיינען עס געווען פאַכן, אין וועלכע אידן זיינען אין דער האַלטער היים געווען ווייניק פאַרטראָטן און דערפאַר האָבן די אימיגראַנטן זיך געמוזט איבערקאָנסטרוירן אינעם נייעם לאַנד און זוכן וועגן אַריינצודרינגען אין דער נייער עקאָנאָמיק. דער גרעסטער אידישער פאַך — דאָס שניידעריי איז נאָך געווען דאַן אין אַרגענטינע ווייניק אַנטוויקלט. עס איז נאָך נישט געווען די גרויסע קאָנפעקציע, וואָס האָט געקענט פאַרשלינגען טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער, נאָר דאָס מאָס שניידעריי, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין געציילטע הענט. אַ טייל פון די געבענשטע מי דעם פאַך האָבן געקענט געפונען אַרבעט און דער צווייטער טייל האָט געמוזט זוכן אַן אַנדער צופּאַסונג. קען מען געפונען, ווי אַ טייל פון די אימיגראַנטן באַפאַכטע און פאַכלאָזע האָבן געזוכט באַשעפטיקונג אין האַפן, זיי זיינען געוואָרן פּאָשעטע טאָג־לוינער, דאָך האָבן זיי עס באַטראַכט, ווי אַ פּראָיבערגייענדיקע דערשיינונג און באַם גרעסטן טייל האָט עס איינגעפלאַנצט די שטאַרקסטע שטרעבונג אַרויפצואַרבעטן זיך און זיך באַפרייען פון דעם טאָג־לוין. אויב אַ גרויסע צאָל אידישע אימיגראַנטן איז געווען אין די ערשטע צייטן באַשעפטיקט אין האַפן, איז שווער פעסטצושטעלן, דעם מין אַרבעם צווישן אידן איז לאַכלומן פאַרשוואונדן, אָבער מען קען פעסטשטעלן, אַז דער גרעסטער טייל פון די אַמאָליקע אידישע טאָג־לוינער אין האַפן זיינען געוואָרן דער נייער סאָכרישער עלעמענט, וואָס האָט זיך גענומען האַנדלען מיט האָלץ און וואַלד־מאַטעריאַלן און אַ גרעסערער טייל האָט זיך גענומען צום האַנדל מיט אַלטוואַרג, פון וועלכן עס האָט זיך אויסגעבילדעט דער אַזוי־גערופענער „סאַמבאַלאַטשעראָ“. דאָס לעצטע איז נישט קיין קלאָל, אָבער עס איז אויך נישט ווייט פונעם עמעס. אָף וויפיל דער אידישער האָלצהענדלער שטעלט מיט זיך פאָר אַ קליינע קאַטעגאָריע, איז געווען גרויס דער שיכט פון די אַלטוואַרג־הענדלער. אַלנפאַלס איז אַ פאַקט, אַז די געשיכטע פון דעם אידיש־עקאָנאָמישן שטאָטישן אָנהויב דאַרף מען זוכן אינעם האַפן, ווי אַן אויסשליסלעכע שטאָטישע דערשיינונג.

צוזאמען מיט דעם, מיט דער נויטווענדיקייט פון צופאסן זיך, האט זיך אויך אנגעהויבן צו באווייזן דער ערשטער אידישער גאסנפארקויפער. דער הענדלער מיט קליינקייטן, ווי מיט פאסעקלעך און אנדערע כאפייצים, אף די שפורן פון אזא האנדל איז מען געקומען אדאנק דעם, וואס א גרויסער טייל מענטשן אין ארגענטינע פארברענגען אפן גאס, זיצנדיק אין קאפע־הויז. עס איז אויך געווען אן אויפן פון צופאסן זיך, נישט ווייל מען האט געזוכט א גרינגן פארדינסט, — דער האנדל איז גראדע איינער פון די שווערסטע און ביטערסטע, — נאר ווייל דער באטרעפנדיקער האט נישט געהאט וואו צו פארווערטן זיין ענערגיע, פיזישע קראפט און פאכקענטעניש און לעבן האט מען געמוזט. איבערהויפט האט אין יענער צייט די אידישע סוויווע זיך אויסגעצייכנט מיט ווייניק פראדוקטיוויטעט אין דער נייער אידישער שטאטישער עקאנאמיק, אויסער דעם, וואס עס האט זיך אויסגעבילדעט א שטארקער שיכט אידישע מאליערס, נאר אדאנק דעם וואס די שטאט איז געוואקסן אין באפעלקערונג און מען האט געהאלטן אין איין בויען נייע בנינים, א טייל זיינען אויך אריינגעדרינגען אין דער שיך־אינדוסטריע, אלס שטעפער, אבער די גרעסטע אויפמערקזאמקייט ווערט געווענדעט אפן אידישן האנדל: עס הויבן זיך אן צו באווייזן אידישע קראמען, טיילווייז א קליינע אידישע קאנפעקציע, סימאנים פון א אידישער בעט־אינדוסטריע, מאטראצנפראדוקציע און די גאסן קאריענטעס, לאוואזשע, כונין און די ביילינגנדיקע ארום זיי טיילן הויבן אן צו געווינען באדייטונג פון אן אידישער עקאנאמישער קאנצענטראציע אין דער אלגעמיינער עקאנאמיק פון ארגענטינע.

### .4

דער ערשטער פעריאד ביז דער וועלט־מילכאמע איז געווען דער צוגרייטונגס־פעריאד פון דער אידישער עקאנאמיק אין ארגענטינע און מעגלעך, אז די דיפערענצירונג וואלט געגאנגען נאך ווייטער, ווען די מילכאמע פון 1914־טן יאר זאל נישט געווען מיטאמאל אפשטעלן די אידישע איינוואנדערונג און אימיגראציע. דערפאר אבער האט זיך אין דער צייט די אידישע עקאנאמיק אפגעגעבן מיט אן אינערלעכן זיך פארפעסטיקן. דערצו האבן איר פיל געדינט די געשאפענע אומשטענדן און איבערהויפט דאס, וואס ארגענטינע האט זיך נישט געלאזט אריינציען אין דער מילכאמע. אדאנק איר נייטראליטעט האט ארגענטינע דערגרייכט א געוויסן עקאנאמישן „פראספעריטי" און דאס האט נאטירלעך אויך נישט געמינערט די אידישע עקאנאמיק. ארגענטינע האט צו גוטע פרייזן פארקויפט אירע טוואועס און פי, וואס האט געווירקט פאר אן אינערלעכן אויפלעב. עס שטייגט דער קויפקראפט פון דער באפעלקערונג. עס שטייגט די נאכפראגע אף פארשידענע זאכן פון לוקסוס און איינארדענונג און אונטער אזא ווירקונג הויבט אן צו פראגרעסירן א גרויסע־מעבל אינדוסטריע און מעבל פארקויף, אנגעפירט אין איר גרעסטן טייל פון אידן. דער אידישער מעבל־פאבריקאנט און מעבל־פארקויפער איז קימאט דער איינציקער, וואס האט נישט אויסצושטיין קיין קאנקורענץ פון די אימפארטירטע מעבלען, איבערהויפט פון די קינסטלעריש־פראדוצירטן און לוקסוספולן איטאליענישן מעבל. די מעבל־פאבריקאציע באקומט א רוף פון נאציאנאלער אינדוסטריע, האט א שטארקן אפזאץ און דאס נאטירלעך ווירקט, אז ארום דער אינדוסטריע זאל זיך אנהויבן גרופירן א פילצאליקער אידישער, אין מערסטן טייל, ארבעטער. פארן אידישן מעבל־פאבריקאנט ווערן געשאפן אלע באדינגונגען נישט בלויז פון שאפן זיך א וואוילשטאנד, נאר ער באר
ייכערט זיך און נישט ווייניק אפן כעשבן פון די מיזעראבלע לוינען, וואס דער אידישער ארבעטער פלעגט דאן באקומען. אזא עקספלואטאציע האט געהאט א ווירקונג, אז עס זאל זיך אין דער אידישער עקאנאמיק בעהאדראגעדיק אויך אנהויבן אויספורעמען און אויסקריסטאליזירן דאס פראבלעם פונעם אידישן ארבעטער. אלס

רעזולטאט איז אין 1916־טן יאר פאַרגעקומען דער ערשטער שטרייק פון די אידישע ארבעטער אין דער מעבל־אינדוסטריע מיט א גרויסן ניצאָכן פאַר די ארבעטער. מיט דעם שטרייק איז געלייגט געוואָרן די ערשטע באזע פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון דער אידישער ארבעט און ארבעטער און אין דער אידישער עקאָנאָמיק איז צוגעקומען א נייער און וויכטיקער עלעמענט־ די אידישע עקאָנאָמיק אין ארגענטינע באַקומט דעם פאַרצעף פון קאַפּיטאַל און ארבעט, וואָס הויבן זיך אָן צו דיפערענצירן.

די מילכאָמע־עפּאָכע איז די צייט, ווען עס הויבט זיך אָן אויסצוקריסטאַליזירן א אידישער אינדוסטריעלער און האנדלס־קאַפּיטאַל. ער האָט פאַר זיך גינסטיקע באַדינגונגען פון אנטוויקלונג און נוצט זיי אויך געשיקט אויס. ער ווערט דער פאַרמיטלער אויף דעם אינערלעכן מאַרק און נישט ווייניקער שטעלט ער זיך אין פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן קאַפּיטאַל, איבערהויפּט מיטן אמעריקאַנישן, וואָס הויבט אָן אין די צייטן פון דער מילכאָמע אריינצודרינגען אין ארגענטינע. דער אידישער סוחר און הענדלער קויפט און פאַרקויפט, ווייזט ארויס א לעבהאַפטע טעטיקייט אין אַלע אָפּעראַציעס און ווערט א מיטהעלפער דעם אמעריקאַנישן קאַפּיטאַל אין זיין דורכדרינגען די ארגענטינער עקאָנאָמיק: דער אמעריקאַנער גומי אינדוסטריע האָבן געשאַפן א באַזע אין ארגענטינע די אידישע סאָחרים. איבערהויפּט איז דאָן געווען א צייט, ווען אַלעס האָט זיך געלוינט, אפילו דאָס צונויפקויפן פון אלטוואַרג, פון שמאַטעס־אָפּפאַלן, וועלכע זיינען געגאַנגען פאַר די צוועקן פון דער מילכאָמע־אינדוסטריע. פון דעם מין האנדל זיינען אין ארגענטינע געוואַקסן די אידישע קאַפּיטאַלן, טיילווייז האָט עס אויך געשאַפן נייע אידישע קאַפּיטאַליסטן, ארויסרופנדיק א ספּעציפישע וואַסכאַנאַליע פון וועלן זיך באַרייכערן, אין וועלכער עס איז אטראָפירט געוואָרן יעדער כוש פאַר א פּראָדוקטיוון טוען און ווירקן. די אידן זיינען אָבער דערביי נישט געווען קיין אויסנאַם, — אַזאַ איז געווען די אַלגעמיינע שטימונג אין לאַנד, אַדאַנק דער פּראָספּעריטי, וואָס דער איראָפּעישער מילכאָמע־אומגליק האָט געבראַכט פאַרן גרעסטן טייל אמעריקאַנישע לענדער.

דער צופלוס פון פרישע קאַפּיטאַלן און די געשטייגערטע קויפקראַפט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז, נאַטירלעך, נישט געבליבן אָן ווירקונג אויף אַלע צווייגן פון דער אידישער עקאָנאָמיק. צוזאַמען מיט דער מעבל פּראָדוקציע און מעבל־האַנדל וואַקסט אויך די אינדוסטריע פון אייזערנע, בראָנזענע און אנדערע מינים־בעטן, וואָס שטייט אויך אין אידישע הענט, עס באַווייזן זיך די סימאָנים פון א גרעסערע, קאָנפעקציע־פּראָדוקציע, וואָס ארבעט פאַרן אומבאַקאַנטן קויפער, פאַרן בריטן געברויך, עס באַווייזן זיך די ערשטע שפּראָצן פון א ספּעציעלן שיכט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט געבן פאַרשידענע זאַכן אויף אויסצאָלן, אין דער צוקונפט איז עס דער שיכט פון די אַזוי־גערופענע קוענטעניקעס, דאַן הויבט אָן א טייל אויך אריינצודרינגען אין דעם האַנדל מיט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, ווי פאַרן לאַאַכאָדים־פאַרקויף, אַזוי אויך אין אנגראָ.

א פיבערהאַפטע טעטיקייט האָט ארויסגעוויזן די אידישע מינדערהייט אין ארגענטינע אין צייט פון דער מילכאָמע אויפן געביט פון דעראָבערן און זיך פאַרזיכערן עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, דאָך האָט זיך די אידישע אינדוסטריע און דער אידישער האַנדל נישט דערהויבן העכער, ווי צו בילדן א מיטלשטאַנד־שיכט: די ארגענטינישע אידישע מינדערהייט איז נישט געוואָרן א דריטער שיכט, ווי דאָס זיינען געוואָרן די אידן אין פוילן, נאָר זיי זיינען פון איין זייט געוואָרן ביימרענער פאַר דער ארגענטינער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק, אויף וויפיל די דורך זיי געשאַפענע מער ווערטן פון קאַפּיטאַלן בלייבן איבער אין לאַנד און פון דער צווייטער זייט זיינען זיי געוואָרן געטרייע דינער און בייהעלפער פונעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל באַם דורכזעצן זיינע צילן און צוועקן אויפן ארגענטינישן האַנדלס־ און אָפּזעץ־מערק.

.5

די אידישע איינוואנדערונג קיין ארגענטינע פירט אויס א באשטימטע פאזיטי־
ווע פונקציע אין דער אלגעמיינער ארגענטינער עקאנאמיק און ווען אינעם ערשטן
פעריאד פון איר אנשטיין האט זי זיך געפורעמט פארן צופאסן זיך צו די עקאנאמי־
שע אומשטענדן און באדינגונגען, האט זי אין צווייטן פעריאד אינעם אלגעמיינעם
עקאנאמישן טוען געפונען די געעריקע וועגן צו פארפעסטיקן זיך צו ווערן אן עליצ־
מענט פון א מיטלשטאנד־קאפיטאליסטישער עקאנאמיק און גראדע מיט דעם האט זי
געשאפן א באזע פאר ווייטערדיקער אנטוויקלונג, וואס האט זי ארייננעפירט אינעם
דריטן פעריאד פון איר עקזיסטענץ און ווירקונג. אויך דער דריטער פעריאד איז א
רינגל אין דער קייט פון דער אלגעמיינער אנטוויקלונג, אבער ער איז לאכלוטן פאר־
שידנארטיק פון די ערשטע צוויי פעריאדן.

אינעם דריטן פעריאד הויבט זיך אן כאאטישע מאסן־אימיגראציע קיין אר־
גענטינע אן א באשטימטן ציל פון איינארדענונג, אדער זיך ארייננפאסן אין דער
עקאנאמיק, האגאם צוזאמען מיטן רוינירטן הענדלער, עקאנאמיש־ארויסגעשטויסע־
נעם אינטעליגענט, אימיגרירט אויך דער קוואליפיצירטער ארבעטער. אינעם ערשטן
פעריאד זיינען געקומען קיין ארגענטינע איינוואנדרונגס־גרופעס פאר א באשטימטן
צוועק, — די גרופעס האבן געהאט קלאר פאר זיך זייערע אויפגאבן, דער ערעוו פון
צווייטן פעריאד האט געטראגן א כאראקטער פון א פאליטישער אימיגראציע, טייל־
ווייז אויך דערפאר, ווייל ביז דער מילכאמע איז ביקלאל באגינסטיקט געווארן די אי־
מיגראציע קיין ארגענטינע — איןביידע פאלן האט די גרעסטע ראל געשפילט דער
פסיכאלאגישער מאמענט, אן עקאנאמישע באפארבונג האבן זיי באקומען ערשט דאן,
ווען זיי האבן זיך צוזאמענגעטראפן מיט דער ארגענטינישער עקאנאמישער ווירקלעכ־
קייט, דאקעגן דער דריטער פעריאד פון דער אידישער אימיגראציע קיין ארגענטינע
טראגט אויסשליסלעך אן עקאנאמישן כאראקטער. אייראפע לעבט איבער אן עקאנא־
נאמישן קריזיס, די אידישע עקאנאמיק אין די אלטע היימען ווערט לאכלוטן צע־
שטערט, די אינפליאציע בארויבט דעם גרעסטן טייל פון דער אידישער באפעלקע־
רונג אין זיין האב און גוטס, דער אידישער ארבעטער, וועלכער איז אין זיין גרעסטן
טייל אנגעוויזן אף דער אידישער אינדוסטריע, ווערט ארבעטסלאז און ארויסגע־
שטויסן פון זיינע ארבעטס־פאזיציעס, ווייל די אידישע אינדוסטריע און האנטווערק
האבן פארלוירן יעדע באזע — איבערהויפט שאפן זיך מעשונענדעקע אומשטענדן
פאר דער אידישער באפעלקערונג פון אלע אייראפעישע לענדער און אין אט די
אומשטענדן הויבט זיך אן א כאאטישע מאסן־עמיגראציע און צווישן אלע אנדערע
איינוואנדערונגס־לענדער הויבט ארגענטינע אן צו שפילן די ערשטע און וויכטיקסטע
ראליע, ווייל די איינוואנדערונג אין די פאריייניקטע שטאטן ווערט קימאט,
ווי פארבאטן, פאלעסטינע איז נישט מעסוגל ארייננצונעמען אזא גרויסן שטראם
אויסוואנדערער, דערצו איז אהין די אימיגראציע נישט ווייניקער פארבאטן,
ווי אין די פאריייניקטע שטאטן, די צענטראל־אמעריקאנישע לענדער און דער גרעס־
טער טייל פון די דארעם־אמעריקאנישע לענדער פארמאגן קימאט נישט קיין עקאנא־
מישע באזע פאר א אידישער איינוואנדערונג, איז אף אזא אויפן ארגענטינע גע־
ווארן דאס איינציקע לאנד פון דער אידישער רעטונג. דאס איז אויך די סיבע פאר־
וואס די אימיגראציע קיין ארגענטינע האט אנגענומען א כאאטישן כאראקטער: זי
איז געגאנגען פון פארשידענע שיכטן און לענדער, זי איז געווארן אוממעגלעך איבער
איר יעדער קאנטראל. די אימיגראציע איז געגאנגען פון פוילן, ליטע, רומעניע, בע־
סאראביע, גאליציע, טיילווייז פון דייטשלאנד און פון אייניקע פאראמטע טשעכא־
סלאוואקישע געביטן, וואו עס האט זיך געפונען א קאמפאקטערע אידישע באפעל־
קערונג, און צו דעם זיינען צוגעקומען א גרויסע צאל רוסישע היימלאזע, וואס זיי־

נען ארויסגעשיקט געוואָרן און וועלכע עס איז געווען פאַרבאָטן דאָס אויפהאַלטן זיך אין פוילן. אזא כאַאָטישע אימיגראַציע און געלויף גייט אין מעשעך פון 1921־טן ביז קימאַט 1927־טן יאָרן און אין אַלע הינזיכטן ווערט זי געטראָגן אָן ציל און צוועק און דאָס נאַטירלעך האָט געמוזט האָבן א קאַרדינאַלע ווירקונג אַף דער אידישער עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע, וועלכע איז שוין מער אָדער ווייניקער צום סאָף פון דער מילכאָמע געווען אָרגאַניזירט און געהאַט באַשטימטע פאָרמען.

די אימיגראַציע איז באַשטאַנען פון קוואַליפיצירטע און נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, פון מענטשן מיט פאַכן און אַזעלכע, וואָס זיינען נישט געוואוינט געווען צו קיין פיזישער אַרבעט, אָבער אַרגענטינע איז נישט דער נאָרד־אַמעריקאַנישער שמעלץ־טאָפּ, וואָס זאָל צווינגען יעדן איינעם אין די ערשטע טעג פון זיין אָנקומען דאַווקע זיך צו פּראָלעטאַריזירן. געוויס האָבן די הערשנדיקע אינדוסטריעס געשפּילט א גרויסע ראָל און אין דער ערשטער ריי האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן דער שיכט האַלב־אַרבעטער, אַף וועלכן עס איז אין די ערשטע יאָרן פון דער נאָכמילכאָמע איינוואַנדערונג געווען א גרויסע נאָכפראַגע. די צייטן פון פּראָספּעריטי האָבן זיך נאָך געצויגן, דער שטאַנדאַרט פון לעבן איז געווען נאָך א נעשטיגענער און דאָס האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אַף דער האַלב־אינדוסטריע. אין דער אינדוסטריע האָבן באַקומען אַרבעט קוואַליפיצירטע און נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, עס האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די צאָל מעבל־פאַבריקן, איינגעטיילט אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס לויט דעם סכום און פּראָדוקציע־מעגלעכקייטן, אָבער פאַרן אידישן האַלב־אַרבעטער, וועלכער איז געוואַקסן אין צאָל, איז עס נישט געווען קיין לייזונג.

פון איין זייט איז געווען די קאָנקורענץ פון דעם נישט קוואַליפיצירטן אַרבעטער און פון דער צווייטער זייט א קאָנקורענץ פונעם קוואַליפיצירטן איטאַליענישן, טיילווייז שפּאַנישן אַרבעטער. דערצו האָט דער אידישער האַלב־אַרבעטער נישט באַוויזן אַריינצודרינגען אין די גרויסע פאַבריקן, וועלכע זיינען אַנגעוואַריין אין די הענט פון איינגעוואַנדערטע איטאַליענער און שפּאַניער, נאָר זיין באַשעפטיקונג האָט ער אַממערסטן געפונען אין די קלענערע אידישע פאַבריקן, וואו עס הערשט דאָס געמישטע מאַשין־ און האַנט־סיסטעם און גראַדע אין די לעצטע האָט מען אים אַלע מאָל אַראָפּגעזעצט דעם לוין, ווייל די אידישע באַלעבאַטים האָבן דאַווקע געזוכט אויסצונוצן די נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעט פון די איינגעוואַנדערטע סלאַוון פון פאַרשידענע לענדער, וואָס זיינען אַנגעוואַרן געוואָרן אַן ערנסטע קאָנקורענץ דער אידישער אַרבעט אין אַרגענטינע. דערפאַר אָבער האָט זיך אַרום דער האַלב־אַרבעט אויסגעבילדעט א נייער מין אידישע אַרבעטער, ווערבירט אַממערסטן פון פּאַכלאָזע: עס האָט זיך אויסגעבילדעט א שיכט אַזוי גערופענע לוסטראַדאָרן (פּאַליטורער) מעבלפּוצער און דאָס לעצטע פאַך געפינט זיך איצט אויסשליסליך אין אידישע הענט, מיט אויסנאַמען פון איניקע ספּעציאַליסטן נישט־אידן, באַשעפטיקטע אין די גרויסע מעבל־פאַבריקן. אַן אַלגעמיין קען מען קאָנסטאַטירן, אַז די מעבל־אינדוסטריע האָט געשאַפן אין דער אידישער עקאָנאָמיק א פאַרמעגלעכן אידישן מעבל־פאַבריקאַנט, א וואוילשטייענדיקן אידישן מעבל־הענדלער און א גרויסע צאָל אידישע האַלב־אַרבעטער און מעבל־פּוצער, וואָס לעבן אין שווערע דאַכקעסדעקע באַדינגונגען.

ווי געזאָגט, איז די איינוואַנדערונג געגאַנגען פון פאַרשידענע לענדער און קרייצנדיק זיך אין איין אַלגעמיינער עקאָנאָמיק, איז די לעצטע אויך נישט ווייניק באַווירקט געוואָרן פון דעם פּסיכאָלאָגישן פון די אימיגראַנטן, וועלכע האָבן געהאַט דורכצוזעצן זייערע נייגונגען און בלויז אין איינצעלנע פאַלן זיך זען געצוואונגען צוצופּאַסן זיך צו די אַלגעמיין ־ הערשנדיקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. ווי עס איז שוין איינמאָל באַמערקט געוואָרן איז אויך אין דעם פאַל געווען די ווירקונג פון דער ליניע פונעם קלענסטן ווידערשטאַנד און פון דעם איז אויך אַנטשטאַנען א ספּעציפישע קאַטעגאָריע הענדלער, די אַזוי־גערופענע „קוענטעניקעס“,

וואָס נעבן פאַרשידענע זאַכן סיי פון ערשטן, סיי פון לוקסוס־נעברויך אַף אויסצאָלן. פון אַ פּראָדוקטיוון שטאַנדפּונקט גענומען באַציט מען זיך צו דער קאַטעגאָריע נעגאַטיוו, פאַר דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק האָבן זיי אָבער אָפּגעטון אַ וויכטיקע אַוואַרדע: ערשטנס האָבן זיי אָרגאַניזירט דעם קליינהאַנדל און צווייטנס האָבן זיי אויסגעלערנט דעם אַרגענטינער־איינגעזעסענעם קויפן. און אויב די נאָכפראַגע אַף פאַרשידענע זאַכן איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, האָט די עקאָנאָמיק און דער אַלגעמיינער מאַרק מיט דעם צו פאַרדאַנקען דעם אידישן קוענטעניק: די פּאָזיטיווע אַוואַרדע פונעם קוענטעניק איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אויסגעבילדעט אַ קויף־פּערי־פּעריע און מיטגעווירקט פאַרן שטייגן פון דער קויפקראַפט פון דער באַפעלקערונג, דורך דעם, וואָס דורך פאַרשידענע איינרעדענישן האָט ער די לעצטע געלערנט לעבן אָנשטענדיק, אין מענשלעכע באַדינגונגען. דער קוענטעניק האָט דערבײַ אַרויסגעוויזן אַ געזונטן עקאָנאָמישן כוש און האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו פאַרפלאַנצן זיין האַנדל און פאַר דעם מיטעלן און אַלע אַנדערע שיכטן איז עס אַפילע געווען אַ בראַכע: דורך קליינע אָפּצאָלן האָט יעדער זיך געקענט אַלעם איינקויפן, וואָס איז געווען אוממעגלעך אין די גרויסע געשעפטן, וואו מען האָט געפאָדערט פאַרשידענע באַוואָרענישן. פאַרן קוענטעניק איז געווען וויכטיק בלויז צו דעראָבערן דעם קוינע, ווי ער האָט אים אַלעם געגעבן אָן באַוואָרענישן און דאָס איז טאַקי מיט דער צייט געוואָרן אַ קלאָלע, ווייל באַ די ערשטע שפּורן פון קריזיס און אַרבעטסלאָזיקייט האָט מען אים אָפּגעשטעלט די צאָלונגען און צווישן דעם גרעסטן קאַמף האָט ער געמוזט ווערן באַנקראָט. דער שיכט איז באַדייטנדיק צעשטערט געוואָרן, אָבער אין די צייטן פון זיין אויפבלי האָט ער אַרויסגעוויזן אַ פּיבערהאַפטע און טיכטיקע טעטיקייט. ער איז געווען אַ לעבעדיקער נערוו אין דער אידישער עקאָנאָמיק דערצו אָרגאַניזאַטאָריש און אום צו פאַרטיידיקן זיינע אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסן, נישט זיין אָנגעוויזן אַף דער עקספּלואַטאַציע פון פאַרשידענע פאַרמיטלער, האָט דער שיכט געשאַפן גרויסע האַנדלס־קאָרפּאָראַציעס, וואָס זאָלן באַזאָרגן די אין אים אָנגעשלאָסענע מיטגלידער מיט די נויטיקע פּראָדוקטן, מאַטעריאַלן און פאַבריקאַטן פון דער ערשטער האַנט. עס איז געווען אַ מין אומבאַוואוסטזיניקער פּרואוו צו שאַפן אַ האָריזאָנטאַל־ווערטיקאַלע אונטערנעמונג, אָבער די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון פאַרקויפן און די עקאָנאָמיש־יורידישע קאָנסטרוקציע פון די האַנדלס־קאָרפּאָראַציעס איז אַזאַ, אַז מיט דער צייט מוזן זיי זיך פאַרוואַנדלען אין גרויסע אונטערנעמונגען פון עטלעכע יעכידים: עס איז בלויז גענוג, אַז דער ערשטער קריזיס זאָל אָוועקשטעלן די מיטגלידער פאַרן פאַקט פון נישט קענען נאָכקומען זייערע פאַרפליכטונגען קעגנאיבער די קאָרפּאָראַציעס.

ווי געזאָגט, האָט דער שיכט קוענטעניקעס אַנטוויקלט אַן אַלזייטיקע טעטיקייט און איז געוואַקסן זיין האַנדלס־פּאָטענציאַל האָט ער אָנגעהויבן גרופּירן אַרום זיך אַ ספּעציעלן טייל פון סוב־אַגענטן, אַזוי־גערופענע „קלאַפּערס“. די לעצטע זיינען געווען אַרויסהעלפער אין פאַרשפּרייטן דעם האַנדל, אָבער מיט דער צייט האָבן זיי זיך באַפרייט פון דער אָפּעטראָפּסעס פונעם קוענטעניק. אַ טייל פון זיי זיינען געוואָרן זעלבסטשטענדיקע קוענטעניקעס, אָנגעשלאָסן און אין מערסטן טייל נישט אָנגעשלאָסן אין די קאָרפּאָראַציעס, נאָר געשטיצט מיט קרעדיט פון פּריוואַטע האַנדל־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געזוכט צו קאָנקורירן די קאָרפּאָראַציעס, און דער אַנדערער טייל האָבן פאַרגרעסערט די רייען פון די אַזוי־גערופענע אַמבולאַנטן. דער אַמבולאַנט איז אויך אַ מין קלאַפּער, אָבער פון אַן אַנדער כאַראַקטער: ער קלאַפּט אין גאַס און אין די עפנטלעכע ערטער. ער זוכט נישט צו שאַפן אַ קליענטעלע פאַר אַ קוענטעניק, וואָס האָט אים אָנגעטרויעט אַביסל סכוירע, נאָר ער קלאַפּט אויס די אייגענע סכוירע דעם אומבאַקאַנטן קויפער און פאַר מעזומען. דער שיכט איז פיל קלענער, ווי דער שיכט פון די קוענטעניקעס און אין זיין עקאָנאָמישן באַשטאַנד

דאַווקע פיל זיכערער, ווי דער לעצטער, דאָך זיינען אויך פאַר אים די אומשטענדן נישט גינסטיק און מיט דער צייט ווערט ער פאַרשווינדן פון דער אַרענע פון דער אידישער עקאָנאָמיק, ווי נאָר עס וועט זיך אָנהויבן אַ סטאַביליזאַציע־פּעריאָד אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק. דער גרעסטער טייל פון די ביידע עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס אַף וויפיל ער וועט זיך עקאָנאָמיש נישט פאַרפעסטיקן, וועט מוזן זוכן אַנדערע באַשעפטיקונגען, אויסשליסלעך פּראָדוקטיווע, ווי עס איז שוין געווען די דערשיינונג מיט אַ גרופּע, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט ספּעציעל פאַר אַ ביישטעטישער קאָלאָניזאַציע. דער פּרואוו איז געווען פאַר זיך גופא אינטערעסאַנט, אָבער עס האָט געפעלט די נעעריקע פּראַקטישקייט און פאַרשטענדעניש, אַז ער זאָל ווערן אַ ווירקנדיקע עקאָנאָמישע סאַמוזעבלעבקייט. די אידייע פון באַדינען די שטאָט מיט פאַרשידענע גרינסן האָט לעצטנס ביקלאַל געמאַכט פאַרשריט אין דער גאַנצער וועלט, די אַרגענטיניש־ אידישע גרופּע האָט בלויז נים אָפּגעשאַצט, אַז די ביישטעטישע באָדנס זיינען אַביסל צו געשטיגן אין די פּרייזן, אַז נישט אַלע באָדנס זיינען גוט פאַר געמיוז־פּלאַנצונגען און אַז דער אויפן פון געמיוז־קאָאָפּעראַטיוון דאַרף טראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, ווי דער, אין וועלכן זיי האָבן זיך געוואָלט אָרגאַניזירן.

די עקאָנאָמישע נויט און נויטווענדיקייטן וועלן די דערמאָנטע צוויי קאַטעגאָריעס דיפערענצירן צווישן פאַרשידענע אַנדערע באַשעפטיקונגען און פאַכן, אָבער אינגאַנצן וועלן זיי נישט פאַרשווינדן, זיי וועלן בלויז פאַרלירן זייער עקאָנאָמישע פּאָטענץ, אָבער זיי וועלן איבערלאָזן נאָך זיך פיל אויפטועכצן אַפן געביט פון דער אידישער עקאָנאָמיק און האַנדל, און טאָקי דערפאַר, ווי אומפּראָדוקטיוו עס זאָל נישט געווען זיין זייער טוען, האָבן זיי דאָך געלייסטערט אויך פּאָזיטיוועס.

צו איינער פון אַזעלכע פּאָזיטיווע לייסטונגען געהער די אָרגאַניזאַציע פונעם אידישן פינאַנץ־קאַפּיטאַל. עס איז שוין בא אַ געלעגנהייט אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אין די ערשטע צוויי פּעריאָדן האָט זיך קאָנקרעטיזירט אַ אידישער אינדוסטריע און האַנדלס־קאַפּיטאַל, האָט אָבער געפעלט צו דעם אַלגעמיינעם קאַפּיטאַליסטיש־עקאָנאָמישן קאַראַהאָד דער דריטער, — דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל, — די אוואוודע פון אים אָרגאַניזירן האָבן געהאַט די קוענטעניקעס. קיין באַזונדערע ניסים זיינען דאָ נישט געשען. דער קוענטעניק, וואָס האָט געמוזט געבן אַף אויסצאָלן און די סכירעס האָט ער געמוזט קויפן פאַר מעזומען, אָדער לעכאָלהאָפּאָכעס דעפּאָזיטירן אַ סומע פאַר קענען זיין באַזאָרגט מיט די נויטיקע מאַטעריאַלן צום האַנדלען, האָט זיך געזען גענויטיקט אין קרעדיטן, אַריינדרינגנען אין די גרויסע אַקציאָנערע בענק האָט ער נישט געקענט, האָט עס אים געפירט צו דער אידייע פון שאַפן קאָאָפּעראַטיווע בענק, לויטן מוסטער פון די בענק, וואָס האָבן עקזיסטירט אינעם אַלטן רוסלאַנד. אַף אַזאַ אויפן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטשטייען ספּעציעל אידישע בענק פון אַ געמישטער פאָרם פון בענק פון קעגנזייטיקן קרעדיט און אָפּשפּאָר־קאַסע, — וועלכע האָבן געזאָרגט אויסשליסלעך וועגן קרעדיט פאַר זייערע מיטגלידער. קיין האַנדלס־אָפּעראַציעס פירן די בענק קימאַט נישט אָן, נאָר אויסשליסלעך וועקסל־אָפּעראַציעס, לויפנדעקע רעכנונגען און טשעק־דעקונגען. סיי די וועקסל־אָפּעראַציעס, סיי די טשעק־דעקונגען געהערן צו די נישט איבריק גינסטיקע בענק־אָפּעראַציעס, דאָך האָבן זיך די בענק פאַרמערט אין אַ גרויסן צאָל, נישט בלויז אין בוענאָס איירעס, נאָר איבער דער גאַנצער רעפּובליק און האָבן טראָץ דער נישט־אַלזייטיקייט פון זייערע אָפּעראַציעס געוועזן צו אָרגאַניזירן און שאַפן אַ מעכטיקן אידישן באַנק־ און פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואָס האָט באַקומען אָנערקענונג מיצאַד דער מעלוכע און מיצאַד די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע בענק. און עס איז אויסער ספק, אַז דער קאַפּיטאַל וואָלט דערגרייכט נאָך אַ גרעסערע שטופּע פון ווירקונג, ווען די אַלע בענק זאָלן זיין קאָאָפּערירט אין איין צענטראַלן אינסטיטוט, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די בענק און זיי רעפּרעזענטירן פאַר דער אויסערלעכער פינאַנציעלער וועלט.

אידישע האָלץ־אינדוסטריע, אידישער האנדל, אידישער פינאַנץ־קאַפּיטאַל —
דאָס זיינען אַלץ דערגרייכונגען פון דער דריטער עפּאָכע. פון אייניקע זיינען די זווי־
מען געלייגט געוואָרן פריער, און זייער אויפבלי האָבן זיי דערגרייכט שפּעטער, אָבער
נישט מיטן דערמאָנטן ווערט אויסגעשעפּט די אידישע עקאָנאָמיק אין אַרגענטינע.
פאַראַן איז נאָך צו פאַרצייכענען די נעשטיגענע אַנטוויקלונג פון בעטן־אינד. אין אירע
אייזן,־ און בראָנזע־אויסאַרבעטונגען. אויך די אינדוסטריע שטייט איין אויסשליס־
לעך אין אידישע הענט, און אין איר זיינען קאָנצענטרירט אַ באַדייטענדיקע צאָל
אידישע אַרבעטער. צו דער אינדוסטריע געהער אויך די אויסאַרבעטונג פון מאַ־
טראַצן. אַרום דעם האָבן די אידן אויך אַנטוויקלט אַן אינדוסטריע פון קאָלדרעס,
ספּעציעל פון שטאָפן גענייט און די אויסאַרבעטונג פון באַצירונגס־קישעלעך. די
לעצטע האָבן פריער געטראָגן אַ הויז־כאַראַקטער, לעצטנס האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט
אין גרויסע אונטערנעמונגען וואָס באַזאָרגן מיט די אויסאַרבעטונגען די גאַנצע
רעפּובליק.

אַ וויכטיקע דערשיינונג אין דער אידישער עקאָנאָמיק פון אַרגענטינע איז בע־
ליסאָפּעס די באַקליידונגס־אינדוסטריע. אין דעם פראַט האָט זיך מיט דער אינדוס־
טריע איבערגעכאַזערט דאָסזעלבע, וואָס אין ענגלאַנד און אין די פאַרייניקטע שטאַטן,
אָבער מיט געוויסע שינוים. די אינדוסטריע נעפינט זיך טאַקי דורכויס אין אידישע
הענט, אָבער זי ווערט נישט דורכויס באַדינט פון אידישע אַרבעטער. די באַקליידונגס־
אינדוסטריע צעפאַלט זיך אין צוויי טיילן: מענער־קאָנפעקציע און וועש־אַרבעט, און
אין ביידע ווערט די אידישע אַרבעט שטאַרק קאָנקורירט און אַפילע אַרויסגעשטויסן.
די מענער קאָנפעקציע פאַרנעמט אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער אידישער עקאָנאָמיק,
מעגלעך אַז דעם גרעסטן, אָבער די אויפאַנים פון איר אַרבעט טראָגן אַ דעסטרויר־נ־
דיקן כאַראַקטער. די אַרבעט קומט פאַר אומגעפער אַף פאָלגנדיקן אויפן: אַרבעטער,
וואָס אַרבעטן דירעקט אין די וואַרשטאַטן פון די געשעפטן, אַרבעטער, וואָס אַרבעטן
אין די וואַרשטאַטן פון דריטע פּערזאָנען, וועלכע באַקומען אַרויס אַרבעט פון די גע־
שעפטן און הויז־אַרבעט. אין ערשטן פאַל טראָגט נאָך די אַרבעט אַן אָרגאַניזירטן
כאַראַקטער, ווייל זי געפינט זיך אונטערן קאָנטראָל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען,
ווייניקער קען די אַרבעט זיין אָרגאַניזירט אין צווייטן פאַל, ווייל די באַלעבאַטים
פון די וואַרשטאַטן באַקומען פאַר זייער אַרבעט פון שטיק, ליפערן זיי די זעלבע
אַף די זעלבע באַדינגונגען צו די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן קימאַט ביז זעכצן און אַכצן
שאָ אַ טאָג און באַקומען קוים־קוים זייער טעגלעכן אויסקום און ענדלעך קומט די
דריטע קאַטעגאָריע, דאָס איז דער אַרבעטער — יאָכיד אָדער אַרבעטערן, וואָס אַר־
בעטן פונעם שטיק דירעקט פאַרן געשעפט און זיי זיינען דאָס געווער, דורך וועלכע
מען שלאָגט אַראָפּ די לוינען. דאָס איז אַ קאַטעגאָריע הויז־אַרבעטער, וואָס לאָזט
זיך נישט אָרגאַניזירן און קאָנטראָלירן און באַשטייט דורכויס פון נישט־אידן. מען
קאָן בלויז קאָנסטאַטירן, אַז די לוינען אין דער אינדוסטריע זיינען צווישן 1925־טן
און 1932־טן יאָר געפאַלן קימאַט אַף דריטהאַלבן הונדערט פּראָצענט. עס איז אויך
קעדאַי צו באַמערקן, אַז די פרויען־קאָנפעקציע איז קימאַט נישט פאַראַן אין דער
אידישער עקאָנאָמיק, אָבער דערפאַר געפינט זיך דער גרעסטער טייל מענער מאַס־
שניידערייַ אין אידישע הענט.

פון די פאָלקאָם־נייע פאַכן, וועלכע זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרן אין דער אידי־
שער עקאָנאָמיק פון אַרגענטינע צוזאַמען מיט דער אימיגראַציע פון דריטן פּעריאָד
דאַרף מען רעכענען די בייטל־אינדוסטריע, קראַוואַטן, שטריקערייַ, טריקאָטאַזש,
קאַרטאָנאַזש־אינדוסטריע און טיילווייז זאָקן־אינדוסטריע. אויסער דער קאַרטאָנאַזש
אינדוסטריע זיינען אין די אַלע אַנדערע אויסגערעכנטע אינדוסטריעס באַשעפטיקט
אויסשליסלעך אידן, איבערהויפּט אין דער בייטל־אינדוסטריע. סיי די טריקאָטאַזש,
סיי די בייטל־אינדוסטריע אַרבעטן פאַרן באַדאַרף פונעם גאַנצן לאַנד און לעצטנס

האָבן זיי אפילע אָנגעהויבן צו עקספּאָרטירן אין די אנדער דאָרעם־אמעריקאנישע לענדער. דאָסזעלבע איז אויך מיט דער פּעלץ, אָדער קירזשנער־אינדוסטריע און האנדל. די אידן האָבן דעם האנדל דאָ אנטוויקלט, אויסער גרויסע געשעפטן אָרגאניזירט אויך גרויסע ווארשטאטן, אין וועלכע עס זיינען באשעפטיקט פיל אידישע ארבעטער. דאָסזעלבע קען מען אויך אונטערשטרייכן אין דער רעגנמאנטל־אינדוסטריע. אין אָנהויב פון 1933־טן יאָר האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו באווייזן די שפּורן פון א הענטשקע־אינדוסטריע, אָנגעהויבן פון אייניקע פּויליש־אידישע אריינגעוואנדערטע.

איבערהויפּט האָבן די אידן שטארק אריינגעדרונגען אין אלע געביטן פון דער עקאָנאָמיק און די אידישע עקאָנאָמיק איז געוואָרן אין ארגענטינע א מעכטיקע פּאָטענץ און פון גרויסער באדייטונג פאר דער נאציאָנאלער עקאָנאָמיק. אדאנק די אידן איז שטארק אנטוויקלט געוואָרן דער האנדל מיט מאנופאקטור און פאר דעראָבערן דעם אידישן קוינע קעמפן צווישן זיך די ענגלישע און איטאליענישע מאנופאקטור־אינדוסטריעס. און נישט אומזיסט, ווייל דער אידישער סוחר איז געוואָרן דער גרעסטער אָפּנעמער פון מאנופאקטור־אויסארבעטונגען, וועלכע ער „בריינגט" אויס אַף פארשידענע אופאנים: דער אידישער מאנופאקטור־האנדל האָט געשאפן ארום זיך א ספּעציעלן שיכט פארקויפער־אגענטן, וואָס הייסן „קאָרטעניקעס". די קאָרטעניקעס באקומען שטיקלעך סכוירע פון די געשעפטן ביטנאַי און לאָזן זיך מיט זיי איבער די ווייטסטע ערטער פון דער רעפּובליס, וואו מען ווייסט נאָך אפילע נישט פון דעם, וואָס איז אזוינס זיין מענטשלעך אָנגעטון. אגעוו אָט דעם קאָרטעניק האָט דער אידישער מאנופאקטור־האנדל צו זיין דאנקבאר פאר דער דעראָבערטער פּאָזיציע אפן מאנופאקטור־מארק.

א קליינע קאטעגאָריע, אָבער די פּראָדוקטיווסטע און אינטערעסאנטסטע זיינען די אידישע וועבער. אממערסטן קאָמפּלעקטירן זיי זיך פון איינגעוואנדערטע אידישע ארבעטער פון לאָדזש און ביאליסטאָק. אויך אין ארגענטינע זיינען זיי געבליבן געטריי דעם פּרינציפּ פון פאבריק־ארבעט און קעמפן פאר זייערע פּאָזיציעס, הא־גאם זיי האָבן אויסצושטיין פיל אינויעס פון די פאבריק־באזיצער, אממערסטן געבוירענע ארגענטינער. זייערע פארדינסטן זיינען בעצימצעס, אָבער עס איז נישט פאראן דער פאל פון פארלאָזן דאָס פאך, ווי עס טרעפט זיך בא די אידישע מאליערס, וועלכע זיינען אמאָל געווען א גרויסער שיכט און פעסטע אָרגאניזאציע, אָבער לעצטנס האָבן זיי אזוי פיל געליטן, אז זיי האָבן פארלאָרן יעדער באדייטונג און אָנזען: זיי ווערן אמשטארקסטן עקספּלואטירט באם ארויסווייזן דעם קלענסטן ווידערשטאנד.

אזא איז דאָס אלגעמיינע בילד פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין ארגענטינע. זי באשטייט פון צוויי קלאסן: פון א מיטל־שטאנד קאַפּיטאל און פּראָלעטארישע ארבעט און ביידע שפּילן זיי א גרויסע ראָל, האָבן א וויכטיקע באדייטונג און שטעלן מיט זיך פאָר א מעכטיקע פּאָטענץ אין דער אלגעמיינער עקאָנאָמיק פון ארגענטינע.



שלוימע סוסקאָוויטש

# די וועלט איז נאָך גרויס!...

(דערציילונג)

ס'האט איימעדיק גערעגנט. אזוי רעגנט עפשער איין מאל אין צען יאר. די גאסן זיינען קימאט אין איין רעגנ געווארן טייכן. אין די נידעריקע טיילן פון דער גרויסער שטאט איז דאס וואסער אריין אין די שטיבער. פרויען און מענער האבן אף די שוועלן אנגעלייגט ברעטער, בלעכן, אלטע מאטראצן און קאלדרעס. נאר דאס וואסער האט זיך געטון זיינס. שווער געווען אים צו פארהאלטן. אז אלטע פרוי האט אפן קאל באקלאגט איר ביטער מאזל. דאס ביסל מעבל ווערט איר צעווייקט. די בעטלעך שווימען אום און די קינדער אירע זיינען נאך אלץ נישט געקומען. ווער ווייסט וואו דער רעגן האט זיי געטראפן.

וואס שייעך מיר, בין איך דעמאלט געגאנגען צו דער טשארטקאווערן, איך בין געגאנגען איר אנזאגן וועגן דער גוטער בסורע... זי האט געוואוינט נית ווייט פון מיר אין גאנצן א פאר קווארטאלן, אבער איצטער איז עס מיר גאר נישט אזוי לייכט אנגעקומען זי אריבער צו בראדזשען. א גליק נאך וואס איך האב זי כאטש געטראפן אין דער היים. זי האט געארבעט בא איינעם א שניידער און איז גוט אויסגעריסן געווארן. דאך פלעגט זי אף מיר זייער ווייניק קוקן. איינמאל האט זי זיך מיט מיר אפילע געגריסט. דאס איז געווען גאנץ צופעליק. בעיים איך האב זי אנגעטראפן ארויסגייענדיק פון דער ארבעט. אבער ווי כ'האב עס באלד באמערקט, איז דאס גאר געווען צו אן אנדערן, וועלכער איז געגאנגען הינטער מיין פלייצע. פון דעמאלט־אן האב איך זי אויך מער נישט באגריסט. אז עס טרעפט מיר באגעגענען זיך, דריי איך אוים דעם קאפ און גיי אריבער אף דער צווייטער זייט גאס. אבער איצטער, ווייס איך, וועט זי מיר זיכער אויפנעמען זייער פריינדליך. מעגלעך אז זי וועט מיר נאך בעטן זיצן. נאר איך וועל בעשום אויפן זיך נישט זעצן. איינגטלעך איז טאקי נישט אין קאפ אויך. הענער זיצט. איך טראג עס איר דאך די טייערע נייס. אז מיין הענעך און איר הענער זיצט. נעכטן האט מען אים ארויסגעשלעפט פון א קאפע. א שטרייק האט זיך אים געוואלט. נישט אנדערש ווי א שטרייק...

ראכל, די טשארטקאווערן, האט די יעדיע אויפגענומען אזוי ווי זי וואלט עס געווען דערוואַרט. דאך האט זי אראפגעהאנגען די אונטערשטע ליפ און האט זיך אן עפעס פארטראכט.

— איר האט נישט — זאג איך — וואס אזויפיל צו טראכטן. עסן האב איך אים שוין אוועקגעשיקט. מען דארף נאר קריגן ערגעץ א שטיקל מאטראץ אדער א קאלדרע. דאס איבעריקע וועט מען אים שוין דארטן באזארגן.

זי ענטפערט נישט מיט קיין ווארט, דרייט זיך אוים און, שפארט אן דעם קאפ אין א שטיקל ברודיק וואנט און שוויגט.

אז איך האב נית וואס צו טון און וויים נישט וואס צו ריידן, הויב איך אויף א האנט און לאז זי אראפ אף די אויגן. מיר דאכט אז איך פארנעם דעמאלט די ראכמאנעסדיקע שטילקייט וואס ליגט אויסגעגאסן אין די עלנטע פיר ווענט.

— נאך אלעמען, ראכל — זאג איך — וועט איר זען, דער רעגן וועט מיסטאמע באלד אויפהערן און די גאסן וועלן זיך אויסטריקענען. מען דארף נישט קיין סאך. אין איין שא קאנען זיי ווערן טרוקן.

שלאָגט זי מיר איבער.

— ווען — זאָגט זי — האָט מען אים צוגענומען.

— נעכטן.

— מער רעדט זי נישט אויף קיין וואָרט. איך שטיי נאָך אַ ווײַלע, שטעל איבער אַ בײנקל פון איין אָרט צום אַנדערן, נעם אַראָפּ אַ בילד, וואָס הענגט אויף דער וואַנט און באַטראַכט עס פון אַלע זייטן. דערנאָך דריי איך דאָס הענטל פון דער טיר. ס'האָט עפּעס אַ מאָדנעם שלאָס, מיר דאַכט אַז איך טו דערמיט, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ וויכטיקע אַרבעט.

איבעריקנס געדויערט עס אַזוי פיל, ביז איך מאַך צו די טיר פון יענער זייט און הייב אָן צו שפּאַנען.

דער רעגן האָט נאָך אַלץ געשוויינקט די שטיינער. נאָר שוין נישט אַזוי שטאַרק.

---

נאָר נישט האָט זיך געענדערט. הענעך זיצט און אַלע זונטיק גיי איך אים זען. כ'טרעף זיך דאָרטן מיט רחל'ען, די אַמאָליקע טשאַרטקאָווער. זי זאָגט אַז נאָך אַזוי פיל וועט ער שוין זיכער נישט זיצן.. צו מיר איז זי מאָדנע גוט און באַהאַנדלט מיר כמעט ווי אירס אַ גליכן. כאָטש איך ווייס אַז ווען נישט אָט דער צופאַל וואָלט זי זיכער אויף מיר אַפן גאַנצן לעבן, אַפילו קיין קוק נישט געוואָלט געבן. טיילמאָל פאַר־דריסט עס מיר, אָבער דאָס מערסטע האָב איך דערפון עפּעס הנאה...

נאָך דער אַרבעט גייען מיר אַמאָל ביידע צו עמיצן. מען דאַרף מיט אַסאַך וועמען איבערריידן און יעדער נישט אָן אייצעס. אייצעס איז דאָ אַ וועלט! און מען שיקט אונדז פון איינעם צום אַנדערן. אַ יונגער אַדוואָקאַט האָט אונדז געזאָגט, אַז ווען ער קען, וואָלט ער אונדז אַלעמען גענומען און אויפגעהאַנגען אייִנציקווייז. ער האָט געטראָגן קליינע געפאַרבטע וואָנצעלעך און געוואוינט אויף אַ פערטן שטאָק.

רחל האָט מיר גענומען פאַר אַ האַנט און מיר זיינען אַרויס. אויף אַ ראָג האָבן מיר גענומען אַ טראַמוויי. כ'האָב זיך געזעצט בײַ איר זייט און געשוויגן. פאַר קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט איך דעמאָלט קיין וואָרט נישט אויפגערעדט.

אַזוי איז אַוועק אַ שטיקל צייט. כ'האָב צוליב עפּעס וואָס לאַנג נישט געקענט אויסהאַלטן.

— שטעלט אייך פאָר, רחל, — זאָג איך — אַז מאָרגן קומט די סאָציאַלע רע־וואָלוציע. ס'קען זיך דאָך מאַכן. איז וואָס אַ שטיינער וואָלטן מיר מיט אָט דעם אַד־וואָקאַטל געקענט טון?

קערט זי אויס דעם קאָפּ. זי האָט שוואַרצע האָר און אויגן אַ רעטעניש.. ס'איז נישט בלאָ און נישט שוואַרץ. ס'איז נישט גרוי און נישט געל. ס'איז שיידים ווייסן וואָס...

— איז דאָס ערשטע — שמייכלט זי — וואָלטן מיר געמאַכט אַז ער זאָל באַ־פרייען הענעכ'ן. ער דאַרף דאָך נאָר איין גוט וואָרט זאָגן...

איבעריקנס האָט זי זיך פאַר דער קורצער צייט אַסאַך געביטן. איינמאָל האָט זי גענומען איר האַנט און זי מיר אַרויפגעלייגט אויף אַן אַקסל.

— אַז כ'וועל אין גאַנצן — זאָגט זי — שוין נישט האָבן מער וואָס צו טון, וועל איך נעמען און זיך פאַרליבן אין אייך.

כ'לאָז אַראָפּ די אויגן און הויב נישט אָנצו פאַרשטיין. האָט זי עס געוואָלט אָן מיר פאַר עפּעס נעקאָמע נעמען. פאַר קלעמעניש דריי איך זיך אויס פון אירע הענט און הויב עפּעס אָן צו ריידן. ס'איז אַוואָדע דערפאַר, וואָס זי איז גראָד פריער צו מיר צו גוט געווען.

— איר וועט מיר — זאָג איך — אַנטשולדיקן פאַרן אויסדרוק. נישט אין דעם גייט עס. בײַ אונדז אין טאָלנע איז געווען אַ מילנער, דער גרעסטער גוויר פון שטעטל.

ער האָט געהאַט צוויי טעכטער. איינע האָט מען גערופן וו ע ר אַ. און זי האָט זיך אַרומגעפירט מיט עפּעס איינעם אַן אַפּגעריסענעם. ער איז געווען אַ מענטש אין אַ קלייט. אַלע האָבן געלאַכט און ער האָט אויך געלאַכט. מען האָט אים גערופן „דער לאַנגער“ און געהאַט עטלעכע פּרישטשיעס אַפן פּאַנים.

דערנאָך האָט זיך געמאַכט, אַז ס׳איז צום מילנער געקומען איינער אַ סטודענט אין געסט. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ שטרויענער הוט. דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַר אים משוגע געוואָרן און אַט האָט זיך די וויערא, די קלוגע צאַרטע וויערא, אין אים פאַרכליאַפּעט. דאָס כאַיעס איז איר אויסגעגאַנגען, און ער דאָוקע איילט זיך ניט, ער דאַרף נאָך, זאָגט ער, ענדיקן דאָס לערנען, און נאָך טויזנטער אַנדערע זאַכן.

מיט איין וואָרט, ס׳האָט ניט געדויערט קיין סאַך און ער איז אַוועקגעפאָרן. און זי דאָ איז ניט אַראָפּ פונם בעט. מען האָט געזאָגט אַז זי האָט זיך אַפילע דאָס לעבן געוואָלט נעמען. ניט אין דעם נייט עס. זי האָט אַזוי פיל דעראַרבעט, ביז איר טאַטע איז אַוועקגעפאָרן צום סטודענטס עלטערן און אים אַפּגעשריבן אַ האַלבע מיל. דער־נאָך איז געווען אַ גרויסאַרטיקע כאַסענע. עטלעכע וואָכן האָט מען זיך געפרייט און, פאַר דאָס יונגע פּאָרל האָט מען אַזש אַ נייע שטוב אויסגעבויט. ס׳איז ביז היינט נאָך די ערשטע אין טאָלנע. זיי זיינען צופרידן און גליקלעך. וויעראַ האָט געזיגט אַף אַלע פראָנטן. די גאַנצע שטאָט איז איר מעקאַנע. אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג...

אָבער דאָ האָט געטראָפן אַ קלייניקייט. מען האָט דעם „לאַנגן“ אַפּגעזאָגט פון דער שטעלע. מען האָט אים געכאַפּט, זאָגט מען, באַ אַ גנייווע. און ער האָט זיך ווי־דער אַריינגעצויגן צו כאַי־דוואָווירע די זיצערן. איז אין אַזוינע טעג האָט אים וויערא גאַנץ צופעליק געטראָפן, ס׳איז גראָד געווען ערשט דריי וואָכן נאָך איר כאַסענע. ער האָט איר באַגריסט אַפן פריינדלעכסטן אויפן, ווי מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. און זי האָט אים עפּעס געוואָלט זאָגן; דאָס איז געווען אין אונזער ברייטער גאַס. ער האָט זיך אָבער אַנטשולדיקט, ער איילט זיך גראָד איצטער זייער שטאַרק און ער מוז ערגעץ גיין. כאָטש ער ווייסט נאָך אַליין גוט נישט וואו. איז האָט ער זיך פאַר־נייגט און זיך רואיק אַוועקגעשאַקלט מיט די ברייטע פּלייצעס. און וויערא — די שטאָלצע, שיינע וויערא, איז דערנאָך היפּש געשטאַנען, די אונטערשטע ליפּ האָט זיך איר אַראָפּגעלאָזט און האָט אויסגעזען זייער הערשלאַנג.

שטעלט אייך פאָר, ראָכל, וואָס האָט איר, וויעראָ, אייגענטלעך אַזוינס געקענט אָנגיין. נאָך אַלעמען איז ער דאָך געווען דער געפאַלענסטער אין שטאָט. ערגער האָט מען דאָך שוין ניט געקאָנט זיין. דערצו האָט זי דאָך אים אַפילע קיינמאָל ניט ליב גע־האָט און מיט נאָר נישט ניט געווען פאַרפּליכטעט. אויך האָט ער דאָך צו איר קיין טאַינעס ניט געהאַט און האָט אַפילע איר נאָמען ניט דערמאָנט...

און דאָך האָט ער איר דאָס לעבן פאַרביטערט. זי האָט איר געליבטן מאַן, אַלע ביינדלעך געגעבן און איז געווען אומגליקלעך. טויזנט פריידן האָט זי זיך געקענט אַלע טאָג פאַרשאַפן און איז געווען די טרויעריקסטע אַף דער וועלט.

אַז איך האָב געענדיקט האָט די טשאַרטקאָווערן מיט איין פינגער אויפגעהויבן מיין מאָרדע און מיר לאַנג אין די אויגן אַנגעקוקט.

— נאָך אַלעמען — מאַכט זי — געפעלט מיר אייער מוסער. טיילמאָל איז דאָס אַפילע אַ גאַנץ אַנגענעמע טרייסט.. און האָט זיך קענטיק פאַר עפּעס צעלאַכט.

איך האָב אָבער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און באַשלאָסן אַז סאָף־קאָל־סאָף איז זי אַ גרויסע קאַקעטן און אַז פאַר אַן אַרבעטער־מיידל איז דאָס אייגנטלעך זייער שער־לעך און אַפילע מיעס. אַז כ׳וועל ניט פאַרגעסן וועל איך דאָס איבערגעבן הענעכן, ער וועט זיך שוין זיכער מיט איר רעכענען...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זיינען מיר ווידער געגאַנגען צום יונגן אַדוואָקאַט. מען האָט אים גערופן ראַבינאָוויטש. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס שטיקל אַרבעט דאַרף

אונז קאָסטן אַ פינף הונדערטער. בײַ אַנדערע וואָלט ער גענומען אַ טויזנטער...
ראָכל האָט אים איבערגעגעבן, אַז ווערליק ער קען זיך פאָרשטעלן זיינען מיר־
גאָר ניט קיין גרויסע גווירים. נאָר דאָך, אויף אַ העלפט זיינען מיר גרייט איינצוגיין.
איז האָט ער זיך צוויי מאָל אויפגעהויבן און געקלאַפּט אין טיש, אַז ווייניקער וויל ער־
ניט און קען ניט.
דער סוף איז געווען אַז ראָכל האָט בײַ אים געפּויעלט אַז ער זאָל איינגיין אויף
אַ קיילעכדיקן דריי־הונדערטער. ס'איז איר אַפילו אָנגעקומען ניט אַזוי לײַכט און גע־
בליבן איז, אַז מיר דאַרפן עס אים ברענגען אין צוויי טעג אַרום.
און דאָ האָט זיך גראָד פאַרענגט. ס'איז געווען אין שפּעטן זומער. צו וועמען
מען קומט טרעפט מען ניט אין דער היים. די צייט איז זייער אַ ביטערע. דער קריזיס
איז בײַ אַלעמען גרויס. דעם ערשטן פּופּציקער האָבן מיר געמאַכט אין אונזער טאָ־
זשער. ראָכל אַליין האָט פון אירע זאַכן צוזאַמענגעקלאַפּט בײַ אַ הונדערטער און איך־
האָב אויך אויסגעליידיקט וויפל כ'האָב געקענט.
נאָר אַז ס'איז געקומען דער לעצטער פרימאָרגן, האָט נאָך צום דריי־הונדערטער
אַלץ געפעלט. די משאַרטקאַווער איז אומגעלאָפן מיט איבערגעקערטע אויגן. געאַרבעט
האָבן מיר שוין ביידע ניט. אין יענע טעג האָט זי זיך טיילמאָל געקענט לאָזן לויפן,
לויפן אַן אַ אָטעם. זי האָט ערגעץ — זאָגט זי — אַ שיפס־ברודער. ער האָט גע־
וואוינט אין דער געגנט. וועט זי פרעגן. ער איז אַ נידעריקער מיט צוויי קליינע אוי־
געלאַך. ער וועט איר אָוודאי העלפן. נאָר זיין נאָמען געדענקט זי ניט. ער הויבט זיך־
אָן מיט אַ גימל אָדער אַ קוף. איז קלאַפּן מיר אָן אין אַ טיר. כ'קומט אַרויס אַ דיקע
שפּאַניערן. ראָכל פרואווט איר געבן צו פאַרשטיין, עפּשער ווייסט זי ניט פון אירן
אַ שיפס־ברודער, ער איז זייער אַפּגעלאָזן און פון נידעריקן וואוקס, און זיין נאָמען
הויבט זיך זיכער אָן מיט אַ גימל אָדער אַ קוף און געוואוינט האָט ער אין דער געגנט.
די פריינדלעכע סעניאָראַ הויבט מיט די אַקסלען, גלאָצט מיט די אויגן. וואָס
ווייסט זי? עפּעס האָבן יאָ אַמאָל אויף איר גאַס געוואוינט „רוסאָס“... און אַז מיר קע־
נען בײַ איר גאָרניש דערגיין, פרואוון מיר אין אַ צווייטער.
ניט אין דעם גייט עס. איבריקנס האָבן מיר אַפילו געפרואווט עמיצן אָפּשטעלן.
ס'איז גראָד דורכגעגאַנגען אַ הויכער איטאַליענער. די טשאַרטקאַווערן האָט צו אים־
אַ ווינק געטון און געוואָלט עפּעס זאָגן. נאָר דאָס בלוט איז איר אַריין אין פּנים,
האָב איך זיך אַרויסגערוקט און אָנגעהויבן אים צו דערקלערן, אַז מיר זוכן דאָ אַ גאַס־
אַזאַ, לעבאַ דווידי הייסט זי. עפּשער האָט ער געהערט. איז פרעגט ער איין מאָל און
נאָכאַמאָל איבער, פרואווט עס אַפילו נאָכזאָגן, נאָר עס גייט ניט. רירט  די וואַנט.
מיר האָבן זיך אַזוי פיל אַרומגעדרייט, ביז ס'איז געוואָרן גוט שפּעט. האָבן מיר
זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַן אָמניבוס און געפאָרן צו אונזער בלוט־זייגער. ראָכל האָט
געזאָגט, אַז זי וועט אים שווערן, אַז דאָס איבעריקע וועט זי אים אָפּגעבן. זי וועט
עס קריגן. עס דאַרף נאָר געדויערן נאָך אַ פּאָר וואָכן. זי קען אַפילו שרייבן צו איר־
אַהיים. ער וועט איר גלויבן, אַז ניט קען זי אַפילו אים עפּעס אונטערשרייבן אַ פּאַ־
פּיר אַזאַ. נאָך אַלעמען איז דאָך ניט אין גאַנצן העפּקער אַ וועלט. מען קען דאָך נאָך מיון
דאָס און יענץ. צי דען וועט מען עס טאַקע לאָזן אומקומען אַ מענטשן?..
אַזוי זיינען מיר געקראָכן אויף טרעפּ. מען האָט אונז געהייסן אויסוואַרטן, דער־
נאָך האָט מען אונז אַריינגעפירט. אונזער אַדוואָקאַט  איז געזעסן  און געטרונקען־
שוואַרצע קאַפע. ראָכל האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס בינטל פּאַפּירלעך און האָט עס אים־
צוגערוקט. ער האָט עס פויל גענומען צווישן די פינגער און האָט עס אַזוי וואַכעדיק
געקנייטשט און געבויגן, אַז ס'האָט מיר אויש באַם האַרצן פאַרקלעמט. שטעלט אייך
פאָר, כ'האָב כמעט יעדע פּאַפּירל געקענט. אָט דאָס איז בערישס, לייזערס, צי דער־
בלאָנדערס. אָט איז מיינע און אָט אויף יענע וואָלט איך געשוואוירן אַז דאָס זיינען כאַ־

נעס, דריי נייאינקע... און דאָ וואַרפט עס מיט אזא גאַזלאָנישער קאַלטקייט. נים נאָר דאָס, ער ציילט איינמאָל און נאָכאמאָל. דערנאָך הויבט ער זיך אויף, דוקט אַף די פּאַפּירלעך און צעפּייערט זיך אַף אונז, אַז וואָס איז דאָס פאַר אַ שלעפּערישע שטיק. אַ וואָרט איז אַ וואָרט, און וואָס איז ער עפּעס אונזער מעשאָרעס... ער האָט הונדערט אַנדערע זאַכן....

מיט קיין וואָרט האָבן מיר ניט געענטפערט. כ'האָב געמיינט, אַז ס'איז שוין נאָך אַלעמען. ראָכל האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָרן אין גאַנצן. פריער האָב איך געזען ווי זי איז בלאַס געוואָרן. דאָס איז געווען פונקט דעמאָלט, ווען אונזער יוננערמאַן האָט דערמאָנט וועגן די „שלעפּערישע שטיק". באַלד איז זי אָבער נעקומען צו זיך און פאַר עפּעס אַ מופע נענעבן מיט אַ פּוס. מיר זיינען אַלע שטיין געבליבן שווייננדיק. זי האָט אָנגעהויבן ריידן דאַווקע מיט אַ נידעריקער קאַלטער שטימע, אַז זי פאַרלאַנגט ניט אַז ער זאָל איר שענקען. זאָל ער נאָר צוואוואַרטן נאָך אַ פּאָר וואָכן, און, דער איבעריקער פּופּציקער וועט איט שוין נים פעלן.

דערנאָך האָט זי זיך פאַרהיקעט און אָראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. ס'איז אַוועק עטלעכע רעגעס און מיר האָבן געשוויגן. פּלוצים האָט ער זיך צוליב עפּעס צעלאַכט. געגנומען דעם הויפן פּאַפּירלעך, עס טיף אַראָפּגעלאָזט אין אַ קעשענע און אונז געהייסן אַף מאָרגן צוגרייטן אַ גרויסאַרטיקע וועטשערע, ווייל מירן האָבן אונזער גרויסן גאַסט און, וואָס שייעך דעם איבעריקן פּופּציקער, וועט ער שוין דערלייגן פון דער אייגענער קעשענע. דערנאָך האָט ער אונז באַגלייט ביז די טרעפּ, וואָרעם געדריקט די הענט און, ביז איצטער קען איך ניט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס איז מיט אים דעמאָלט געשען.

דאָך דאַכט מיר ווען דאָס זאָל גיין אין מיר, אין מיין אייגענער פרייהייט און ניט אין הענעכס, וואָלט איך בעשום אויפן נישט אָנגענומען זיין פּלוצימדיקע גוטסקייט. מיר האָט געדאַכט אַז דאָס האָט דער טייפל מיט אַ שמייכל אָפּגעקויפט אונזערע נשמות. איז מיט וואָס־זשע וועלן מיר דערנאָך לעבן?

אַף מאָרגן האָבן מיר שוין ווידער ניט געאַרבעט. כ'בין געפאָרן צו ראָכלען. זי האָט געוואוינט ניט אַזוי ווייט. דאָס איז געווען הינטער אַ שפּאַניש ווענטל בא איר מומען. און די מומע אַליין האָט געלעבט פון אַ ניי־מאַשין און דאָס ערשט אין גרויסן סעזאָן. דעמאָלסט פלעגט זי אַרויסקריגן אין אַ פּאָר קלייטן היזנס מיט העמדער צו שטעפּן. און די איבעריקע צייט פון יאָר האָט זי געלעבט דערפון וואָס איר שנור פלעגט איר צושיקן. זי האָט דאָ געהאַט אַ אויסגעגעבענעם זון, וועלכער איז מאַמעש אַריינגעפאַלן אין אַ שמאָליך־גרוב..

איבעריקנס, נים אין דעם נייט עס. די טשאַרטקאָווערן וואָלט איר שוין היינט זיכער נים דערקענט. ווען איר קוקט זי אָן, וואָלט איר געזאָגט, אַז צען דאָקטוירים זיינען שוין געלעגן בא אירע פיס און זי האָט אַף זיי אַלעמען אַפילע קיין בליק נים געוואָלט פאַרלירן. ווייל אין דער עמעסן דאַרף זי זיך נאָר אַ ביסל איבערטון, פאַרקעמען די האָר און שמייכלען. ניט וויכטיק. זי קען שמייכלען פון אייך, פון מיר און אויך אַזוי פון דער גראָער קאַץ, וועלכע ליגט אַף אַלע פיר און לוויערט נאָך עפּעס.

טיילמאָל קען זי אייך אין יענער רעגע צוגיין נאָענט און אייך פרעגן, לאָמיר זאָגן, ווי אַזוי מיינט איר, מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג? און איר גראַד וועט זיך דאַווקע כאַפּן צו אייער קליינעם זיינערל, אים גוט באַטראַכטן און זאָגן אַז איצטער וועט זיין אַרום האַלב אַכט, אויב אייערער שפּעטיקט זיך נים. און דער סאָף וועט זיין, אַז זי וועט אייך נאָך אַמאָל אָפּמעסטן אין דער גאַנצער לענג און וועט זיך נאָך מער פרייען, ווייל איר גראַד קען געפעלן ווערן אייער פאַרלאָרנקייט.

מיט מיר אַ שטיינער האָט זי היינט וועגן עפּעס גערעדט. כ'האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט זי מיר עפּעס געפרעגט. כ'האָב בעשום אויפן נישט געקענט כאַפּן. האָב איך זיך געלאָזט טאַפּן אין די קעשענעס. כ'האָב איבערגעקערט אַלע וויפיל כ'האָב

נאר געהאט. כ'האב אזוי פיל געזוכט ביז כ'האב אף אן עמעסן אנגעהויבן גלויבן, אז איך האב עפעס וויכטיקס פארלוירן און זיך אזש געוואלט לאזן זוכן אהיים. נאר ראכל האט א מאך געגעבן מיט א האנט, אז ווייס־איך־וואס, מיסטאמע וועט זיך עס אפ־זוכן און אז איצטער אוועקגיין קען איך נים, ווייל באלד דארפן מיר דאך שוין גיין...

אזוי איז אוועק נאך א שטיקל צייט. איך בין אינגאנצן בעקומען צו זיך. נאך אלעמען איז מיר דאך גאר נים אזוי שלעכט. שטעלט אייך פאר, מיר ביידע וארטן אף איין פרייד... איך מיט איר ווייסן דאך אייגנטלעך איין סאך, היינט ווי קען מען עס נים זיין אויפגעלייגט. עס קומט דאך אונזער כאוור!..

אז מען האט אים ארויסגעלאזט איז שוין געווען גוט פינסטער. מיר האבן אים קוים דערקענט. ער איז געווען באוואקסן מיט א מוירעדיקער בארד. קיין סאך האב איך מיט אים נים געקענט ריידן. כ'האב נאר א פאר מאל געזאגט הענער... דאס ער־שטע האבן מיר אים אריינגעפירט אין דערבייאיקן ראזירהויז. מיר זיינען געזעסן אף גערעדט פון טויזנטער זאכן. די טשארטקאווערן האט פארזאגט אז מיר זאלן היינט פון גאר נישט ריידן. ס'הייסט נים פונעם ארעסט, נים פונעם געלט און נים פון אנדערע טרויעריקע זאכן.

אז מען האט אים אראפגענומען די בארד, איז ער קימאט געווען דער זעלבער הענער, נאר א ביסעלע בלייכער. ראכל האט אים גענומען פאר אן ארעם און מיר האבן זיך געלאזט אין וועג. זיי זיינען געגאנגען פארויס און אסאך גערעדט. כ'בין זיי נאכגעלאפן און קוים געקענט דערהאלטן. די גאסן זיינען געווען שמאלע און מענטשן שטופן זיך, טיילמאל ווער איך פון זיי פארווארפן עפשער אף א־האלבן קווארטאל. דערנאך נעם איך זיך אן מיט כח און דערראנגל זיך צו זיי.

זיי זיינען אבער אזוי פארטון מיט זיך, אז זיי פארגעסן, דאכט זיך, אינגאנצן אז אייגענטלעך בין איך דאך אויך דא, און, וואלט זיך אויך געוואלט מיט זיי פרייען... אזוי קרייצן מיר א גאס נאך א גאס. די פיס הויבן מיר שוין אפילע אן צו באלעשן. נאר איך לויף נאך... אט זיינען מיר נאך טיפער אין צענטער פון דער שטאט. מענטשן ווי זאמד, אויטאס פליען, פון אלע זייטן פייפט מען און מען הודזשעט.

בא א ראג בין איך שטיין געבליבן. כ'האב געדארפט קרייצן א גאס. זיי זיינען שוין לאנג געהאט אריבער און, כ'האב בעשום אויפן נים געקענט, כ'האב געדארפט צו־ווארטן אזוינע פאר מינוט. ווי די גאנצע שטאט וואלט זיך גראד דעמאלט געלאזט דורך יענעם וועג. בין איך געשטאנען און געמאכט מיט די הענט, האב גערופן: הענער... ראכל... געוואלד געשריען. כ'דארף דאך אייך האבן. מיר דארפן זיך דאך אזויפיל פרייען... גיים נים אוועק...

און זיי האבן געהויבן די קעפ און זיך געמישט מיט אנדערע הונדערטער. אט האט מען זיי פארשלונגען און אט ווידער ארויסגעשטויסן. אזוי האט מען זיך מיט זיי געווארפן, ביז כ'האב זיי אינגאנצן פון אויג פארלארן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין יענע גאסן האב איך זיך ארומגעדרייט אזוי לאנג ביז ס'איז געווארן גוט נאכט. מילא בין איך געפארן אהיים. נאך אלעמען איז די וועלט נאך גענוג גרויס און מענטשן זיינען דאך דא אין די טויזנטער... מען קאן זיך נאך אזויפיל פרייען... האא־האא!!...



יאַנקעוו באַטאָשאַנסקי

# פּראָלעטאַרישע נאַטירלעכקייט און פּראָלעטאַרישע נעקינצלטקייט אין דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור

די אידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע איז ביז צוריק מיט אַ פּאָר יאָר געווען אַ מער אָדער ווייניקער גאַנצע. זי איז אַלפּיראָוו געשאַפן געוואָרן פון איין שיכט פאַר איין שיכט. אירע שאַפער זיינען געווען אָדער אַרבעטער, אָדער פּראָלעטאַריש־געשטימטע אינטעליגענטן און די לייענער אירע זיינען אויך געווען אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס און פּראָלעטאַריש־געשטימטע קליינבירגער.

זי האָט ניט געמאַכט קיין גרויסע אַנטדעקונגען און אַנטפּלעקונגען די אידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע, אָבער זי איז געווען פריי פון קונצן און פון מאָדעס, זי איז געווען אין איר גרעסטן ראָוו פּאָשעט, אָרנטלעך געגאַנגען ווי אַף רעלסן, זי האָט געמאַכט ווענן און אומוועגן, אָבער ווייט פאַרבלאָנדזשעט האָט זי זיך קיינמאָל נישט, זי איז טאָמיד געווען נאָענט צום געזעלשאַפטלעכן לעבן און צו די געזעלשאַפטלעכע שטימונגען. זי איז אין דעם פּראָט געווען מאַמעש אַ שוועסטער פון דער בעסערער היגער אידישער זשורנאַליסטיק.

איך וואָלט געזאָגט, אַז אין גרעסטן ראָוו איז די אידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע געווען אַ נאַטירלעך פּראָלעטאַרישע, ווייל זי איז געווען אַ געטריי קינד פון דער גאַס דער אידישער, וואָס איז אויך געווען מער פון אַלץ אַ נאַטירלעך־פּראָלעטאַרישע. דער מיטלבירגער און דער נאַציאָנאַליזם האָבן דאָ נישט געהאַט קיין דיכטער און בעלעטריסטן און נאָר בעשאַס דעם ציאָניסטישן באַלפור־דעקלאַראַציע־פלאַקער האָבן אַ צוויי דיכטער געשריבן עטלעכע נאַציאָנאַליסטישע לידער.

סיי אידעיש, סיי אָרגאַניש זיינען דאָ די אידישע שריפטשטעלער קימאַט קעסיידער געווען נאָענט צום אַרבעטער און צו דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע.

פונדעסטוועגן האָט זיך צוריק מיט אַ יאָר פינעף־זעקס דאָ אויפגעהויבן אַ סאַמף פאַר פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. מען האָט אַהער אַריבערגעבראַכט טעאָריעס, לאָזונגען און פראַזן פון פּראָלעטאַרישע קריטיקער פון אומעטום און ס'איז נישט געווען קיינער, וואָס זאָל די טעאָריעס און לאָזונגען צופּאַסן צו אונזער היגן לעבן און שאַפן. האָבן די טעאָריעס און לאָזונגען געהאָנגען אַזוי ווי ריזיקע קליידער אַף אַ קאַרליק און געשראָקן און גענאַרט...

די יונגע ליטעראַטן האָבן זיך געלאָזט מיטרייסן און אָפּנאַרן און האָבן אָנגעהויבן פּרואוון שרייבן לויט די סאָציאַלע באַשטעלונגען. און די רעזולטאַטן זיינען געווען זייער טרויעריקע. פאַר דער היגער פּראָלעטאַרישער מאַטן טוירע האָבן דאָ די־

יונגע ליטעראַטן זיך אויסגעצייכנט מיט פּאַשטעס און נאַטירלעכקייט — וואָס איז דער הויפּט־טנאַי פאַר פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור — דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן ריידן מיט קונצן און רעמאָזים און פאַרלוירן די נאַטירלעכקייט.

עס איז באַקאַנט, אַז זינגער דאַרפן לערנען, דאַרפן שטעלן די שטימע. די מוזיקלערער פורעמען אויס דעם שטימען־מאַטעריאַל, מאַכמעש אַזוי ווי אַ טעפּער פורעמט טעפּ. זיי מאַכן די שטימען בויגזאַמער, צאַרטער, לויטערער, זיי געבן זיי צו כיין און כיינדלעך. איינע פון די כיינדלעך באַ אַ טענאָר אַ שטייגער, איז: מאַכן אַ ביסל נאַזאַל, אַ ביסל פּאָנפעוואַטע פּאַשעטער גערעדט. פאַראַן אָבער שטימען, וואָס זיינען פון דער נאַטור געשטעלט און האָבן פון דער נאַטור דאָס נאַזאַלע כיינדל און ווען דער לערער איז נישט קיין געניטער אין אַזאַ פאַל, קאָן ער אַמאָל איננאַנצן קאַליע מאַכן די שטימע. איך קאָן אַ פאַל, ווען אַ נישט געניטער מוזיק לערער האָט געמאַכט פון אַ געשמאַקן נאַזאַלן טענאָר אַ פּאָנפּאַטש.

עפּעס ענלעכס איז געשען מיט אונזער ליטעראַטור אין אַרגענטינע. מען האָט זי גענומען שטעלן דאָרט, וואו זי איז געשטעלט און מען האָט זי געמאַכט פּאָנפעוואַטע. זי האָט ביז צוריק מיט עטלעכע יאָר גערעדט קלאָר און פּאַשעט און די לעצטע צייט האָט זי גענומען פּאָנפען...

אונזער ליטעראַטור איז דאָ געווען נאַטירלעך פּראָלעטאַריש און האָט געהאַט אַלס לייענער דעם אַרבעטער און זיין פּעריפעריע — דעם פּראָלעטאַריש געשטימטן קליינבירגער. אַ דאַנק דער פּראָלעטאַרישער געקינצלטקייט האָט די ליטעראַטור פאַרלוירן איר גאַנצקייט און איר לייענער. איין טייל האָט פאַרלוירן דעם אַרבעטער, אַן אַנדער טייל דעם פּראָלעטאַרישן קליינבירגער און אַלע אינאיינעם האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט און די האַשפּאָע.

איך בין נישט קיין אָנהענגער פון האַרמאָניע, אַדרעאַבע־ איך ווייס, אַז מיר לעבן אין אַ צייט, ווען סאָציאַלע דיפערענצירונג איז אומבאַדינגט נויטיק, אָבער — דיפערענצירונג און שפּאַלטונג דאַרפן קומען צוליב קלאָרקייט, צוליב אַן אידעאַל, נישט צוליב סתּאָם שפּאַלטונג און באַ אונז האָט מען געשפּאָלטן צוליב... שפּאַלטונג און כאַאָס. אונזער ליטעראַטור איז געווען פון לעכאַטכילע אַ דיפערענצירטע און מען האָט זי געדאַרפט דערציען, אָבער נישט שפּאַלטן און פאַרטומלען. ליידער האָט מען געשפּאָלטן, פאַרטומעלט און געמאַכט אַזאַ ראַש, אַז מען האָט יאָרנלאַנג נישט אויסגעהערט קיין רואיק וואָרט...

מיט אַ דער אַרבעט בין איך אויס צו באַווייזן און דערווייזן, אַז דאָס פאַרערן פּראָלעטאַרישקייט אין אונזער ליטעראַטור איז געווען אַ ברעכן זיך אין אַן אָפענער טיר אריין און האָט קיין נוצן נישט געבראַכט, האָט אריינגעבראַכט נאָר געקינצלטקייט און געהאָלפן פאַרטרייבן דעם לייענער.

איך הויב אָן אַט די אַרבעט מיט אַן אַלגעמיין בילד פון אונזער בעריישים ביז נישט לאַנג און אין צווייטן זאַמלבוך „אַרגענטיניש" וועט קומען די צעגלידערונג און דער אויספיר.

## .1

## אַן אַנדער סוויווע — אַן אַנדער ליטעראַטור.

צוריק מיט א פערטל יאָרהונדערט איז די אידישע ליטעראַטור אין דער אַלטער היים געווען איבערהויפּט ראָמאַנטיש. שאָלעם אש, אָנויבי, אײנהאָרן זײנען דעמאָלט געווען די געלײיענסטע. די מאַסן האָבן זיך פאַרכלינעט מיט די לויבגעזאַנגען זײערע צו פרומקייט און פרומע און מיט די לידער פון בענקשאַפט נאָך דעם אַלטן בעס־מעדרעש און נאָכן שטילענקן געסל.

עס איז געווען א צייט פון נאָך שטורעם. טויטע קעמפער און טויטע געטער זײנען נאָך געלעגן פאַר די אויגן. די מאַסקילישע רעוואָלוציע אף דער אידישער גאַס האָט, דוכט זיך, געפייערט איר ניצחון, זי האָט פאַרטריבן דעם פאַנאַטיזם, אָבער זי האָט אַלם זיגערן גאַרנישט געבראַכט, זי האָט געהאַט נאָר א נעגאַטיוון אידעאַל, קיין פּאָזיטיוון — נישט. די האַסקאָלע איז געווען, ווי א געגאַרטעטער קריגער, וואָס נעמט א פעסטונג און ברענגט נישט קיין ברויט פאַר די אויסגעהונגערטע. און די אַלגעמייִנע רוסישע רעוואָלוציע איז געלעגן א געפאַלענע און געשלאָגענע. זי האָט אויפגעשטורעמט און איז געפאַלן.

די אידישע קעגנוואָרט איז געווען הויל און פוסט, די אַלגעמיינע רוסישע קעגנוואָרט איז געווען שוואַרץ און פינצטער און ס׳זײנען געווען צוויי ברײרעס: אָדער קעמפן פאַר א בעסערער צוקונפט, אָדער בענקן נאָך דער שײנער פאַרגאַנגענהײט. און ווייל דאָס לעצטע איז לײכטער, בענקן קאָן מען דרימלענדיקערהייד און אפילע שלאָפנדיקערהייד, האָט די מערהייט אויסגעקליבן דעם לײכטערן וועג און די ליטעראַטור איז אויך אַוועק אפן לײכטערן וועג.

די פּראָזע האָט זיך אומגעקערט צו דער פאַרגאַנגענהייט און זי גענומען מאָלן אין די ראָזשעווסטע פאַרבן און די פּאָעזיע האָט גענומען זינגען לידער פון בענקשאַפט. די ליטעראַטור, ווי דאָס לעבן איז פול געווען מיט שאָלעם אשס שײנקײט פון שטעטל און אײנהאָרנס בענקשאַפט נאָכן שטעטל.

ראָמאַנטיש און פרום איז דעמאָלט געווען די אידישע ליטעראַטור, אַזוי פרום, אַז כאַסידים האָבן נישט געקאָנט פאַרשטײן פון וואַנען עס נעמט זיך צו אַפּיקאָרסים אַזאַ שרייבן און זיי האָבן געקלערט, אַז ס׳איז נישט אַנדערש, ווי א שפּיצל פון יענער צער האָרע, וואָס האָט זיך ליב צו פאַרשטעלן פאַרן יעיצער טאָוו...

אין יענער צייט האָט זיך אין אַרגענטינע אָנגעהויבן שפּראָצן א אידישע ליטעראַטור, קלײנטשיקע גרעזעלאַך האָבן זיך גענומען באַווייזן, אַזוי ווי אין סאַמע אָנהויב פרילינג און די דאָזיקע ליטעראַטור האָט געהאַט א זייער קנאַפּע שייכעס מיט דער ליטעראַטור פון דער אַלטער היים אין יענעם מאָמענט. די אַרגענטינער ליטעראַטור האָט נישט געגלאָצט מיט די אויגן צום הימל, האָט נישט געגישטערט אין די

אַלטע בעסאַלמענס און נישט געזונגען קיין בענקשאַפטס לידער. זי האָט רעגיסטרירט פּראָסט און פּאָשעט און צומאָל אויך צו פּראָסט און צו פּאָשעט אָנהויבן פון אַ לעבן, געראַנגל מיט אַ נייער, עקזאָטישער נאַטור און מיט געזעלשאַפטליכע אומרעכטן. זי האָט רעגיסטרירט נויט, עלנד און האָט געלאָזט הערן קאַמפּס־געזאַנגען, נויט־געשרייען און אויך העפּקער געזאַנגען. מוישע פּינטשעווסקי האָט נישט געזונגען ווי איינהאָרן, אַז ער וויל, אַז זיין ליבע זאָל געשלאָסן ווערן אין אַ שטיל געסל און ער זאָל האָבן פרומע בראָכעס פון אַ באָבע, ער האָט געזונגען מאַמעש דאָס פאַרקערטע:

אין וואַלד אריין, פּי־פּי! פּאַ־פּאַ!
און האָסט אַ מיידל — נעם זי מיט
און האָסטו ניט —
כי־כי! כאַ־כאַ!
ניטאָ קיין צוים, ניטאָ קיין נאָט,
פּי־פּי! פּאַ־פּאַ! דער וועלט אַ פייג!
און קוש דעם בוים! און קוש זיין בלאַט!
און זינג דאָס ליד פון גראָז און צווייג.

(זע „צוויט" פון מוישע פינטשעווסקי, זייט 9).

און אַזוי האָט דאָ געשפּראָצט פּאָוואָליע און נישט שטאַרק זיכער, אַזוי ווי דער גאַנצער אישעוו, אַ ליטעראַטור וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען גאַנץ אַנדערש, ווי די אידישע ליטעראַטור אין דער אַלטער היים.

די ליטעראַטור אין דער אַלטער היים האָט געהאַט אַלס העלדן שיינע אידן, זיידענע, איכעסדיקע, די ליטעראַטור אין ארגענטינע — פּראָסטע און האָרעפּאַשנע אידן, אָן איכעס, אָן טראַדיציעס. דאָרט זיינען די ליטעראַטן אַלפּיראָוו געווען אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער פאַרגאַנגענהייט, דאָ זיינען די ליטעראַטן געשטאַנען מיטן פּאָנים צו דער קעגנוואַרט.

די סיבע איז קלאָר: קיין פאַרגאַנגענהייט האָבן די אידישע מאַסן אין ארגענטינע נישט געהאַט. זיי האָבן געקאָנט בענקען אַהיים, אָבער פון איין זייט איז מען געווען צופיל פאַרהאָרעוועט, אַז מען זאָל צייט האָבן צו בענקען און פון דער אַנדערער זייט איז מען פון דער היים אַנטלאָפן נישט פאַר וואוילטאָג און עס איז שווער געווען זיך צו איינריידען, אַז ד אָ ר ט איז בעסער. מען האָט דאָך דעם ד אָ ר ט ערשט אָ געפילט, ווי אַ גענעם.

די ארגענטינער אידישער באַפעלקערונג איז דעמאָלט באַשטאַנען פון באַלמעלאָכעס, ארבעטער און קליינקרעמער, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דער אַלטער היים, געטריבענע פון דער נויט 1), און זיינען געקומען אַהער אייניקע נאָר צו זוכן פּאַרנאָסע און אַנדערע זיך צו קאָלאָניזירן און ווערן אַ פּראָדוקטיווער „עובד אדמה" (אווייוועד אדאָמע) עלעמענט.

די גאַנצע באַפעלקערונג האָט דעמאָלט געהאַלטן די אויגן צו דער קעגנוואַרט און צו דער צוקונפט; דאָס לעבן איז נישט געווען געאייגנט פאַר קיין ראָמאַנטיק און פאַר קיין בענקשאַפט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט, און וואָס ס'איז נישט געווען אין לעבן איז אויך נישט געווען אין דער ליטעראַטור.

די ראָמאַנטיק אין דער אַלטער היים איז געווען אַ נאַטירליכע דערשיינונג פאַר יענעם מאָמענט, זי איז אָרגאַניש ארויסגעשטראָמט פון לעבן, קיין ארגענטינע וואָלט

---

1) אַ גענוי בילד פון דער דעמאָלטדיקער אידישער באַפעלקערונג וועט דער לייענער געפינען אין עסיי פון ד"ר ל. זשיטניצקי „די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ארגענטינע" געדרוקט אין זעלביקן זשורנאַל, זייט 16—30

זי זיך געקאָנט דערטראָגן אַלס מאָדע, זיינען די שאַפער פון אונזער ביסל אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור דעמאָלט נישט געווען קיין מאָדע מענטשן, זיי זיינען, ווי געזאָגט, געווען האָרעפּאַשניקעס און אַרבעטער און די אינטעליגענטן צווישן זיי זיינען אויך געווען אָנגעשמעקט מיט אַרבעטער־גייסט און האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַ צו רויער און ניכטערער סוויווע, אַז זיי זאָלן געווען קענען פאַרכאַפּט ווערן פון רעליגיעזער ראָמאַנטיק.

און אַזוי אַרום האָט אין דער נייער היים אַרגענטינע געוואַקסן אַ גאַנץ אַנדער מין אידישע ליטעראַטור, ווי אין דער אַלטער היים. וואָסאַרא מעמואַרן־שרייבער האָט אין דער אַלטער היים נישט באַזונגען אַביסל די פאַרגאַנגענהייט און אירע טראַדיציעס? און אין אַרגענטינע האָט מאָרדכע אַלפערסאָן, אַ איד פון עלטערן דאָר, אַ האַלבער מאַסקיל און אַ האַלב רעליגיעזער איד געשריבן מעמואַרן, וואָס ברענגען אַרויס די עקספּלואַטאַציע, די אונטערדריקונג און די אַכזאָריעסן פון די מוישלים און זייערע מעשאָרסים און דעם קאַמף צווישן די פאַרשידענע קלאַסן און שיכטן.

אַ געוויסע נאָענטקייט האָט די אַרגענטינישע אידישע ליטעראַטור געהאַט צו דער נאָרד אַמעריקאַנישער, כאָטש אָרגאַניש איז דער אישעוו אונזערער געווען אַ סאַך מער פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים, ווי מיט נאָרד אַמעריקע. די נאָענטקייט דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרגענטינער אידן איז צוריק מיט 25 יאָר געווען ענלעך צו דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די נאָרד אַמעריקאַנער אידן צוריק מיט פערציק יאָר.

אָבער נאָר אַ געוויסע ענלעכקייט, נישט קיין פולע. די נאָרד אַמעריקאַנער אידישע ליטעראַטור איז אין איר ערשטער עפּאָכע געווען אַ סאָציאַליסטישע, אַן אַגיטאַציע ליטעראַטור, ווייל זי איז געשאַפן געוואָרן פון אינטעליגענטן־סאָציאַליסטן, אין אַרגענטינע איז זי געווען נישט סאָציאַליסטיש־אַגיטאַטאָריש, נאָר אין אַ היפשער מאָס אַן אַרבעטער־ליטעראַטור, ווייל זי איז, ווי שוין געזאָגט, געשאַפן געוואָרן פון אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס. די אידישע ליטעראַטור איז דאָ אין איר „בערייִשים“ געווען געניוי, ווי דאָס לעבן. זי איז נישט געווען גרויס, דערפאַר אָבער געטריי.

## .2

## נאָענט צום לעבן און ספּעציעל צום אַרבעטער לעבן.

> „אַזוי פיל אידן, ווי דאָ אין אַרגענטינע איז דאָ, און געוויינלעך געפינען זיך דאָך אונטער זיי סאָפרים, כאַכאָמים, מאַסקילים, וואָס זיינען נישט פרעמד מיט דער אידישער פעדער און דאָך ערשיינט דאָ נישט עפּעס אַ אידישעס בלעטל“.

אָט אַזוי האָט זיך געקלערט דער פּיאָנער פון געדרוקטן 1) אידישן וואָרט אין אַרגענטינע, ה' מיכל האַקויהען סיניי, איידער ער האָט זיך צוריק מיט 35 יאָר באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די ערשטע אידישע שריפט אין אונזער מעדינע — „דער וויעדער קול“. ער האָט געהאָפט אַף כאַכאָמים, סאָפרים און מאַסקילים.

און דאָס אידישע צייטונגס־וועזן פון ערשטן פעריאָד האָבן דאָ טאַקע געשאַפן מאַסקילים, וואָס זיינען, עמעס, נישט אַלע געווען קיין כאַכאָמים און סאָפרים, דאָך זיינען קימאַט אַלע געווען שטיקער טאַלמיד־כאַכאָמים און קענערס אין ספאָרים.

אָבער — נאָר דאָס צייטונגס־וועזן, די ליטעראַטור האָבן דאָ געשאַפן נישט קיין

---

1) מען וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט זאָגן ליטאָגראַפירטן וואָרט, ווייל „דער ווידער קול“ איז דערשינען ליטאָגראַפירט, עס איז נאָך דעמולט נישט געווען קיין אידישע דרוקעריי.

מאסקילים און טאַלמיד־כאַכאָמים, נאָר אין גרעסטן ראָוו האָרעפּאַשניקעס און פּאַשעטע ארבעטער.

און ווען דער אין העברעיש־דערצוויגענער אינטעליגענט מוישע פינטשעווסקי איז דאָ אריבער פון העברעיש צו אידיש, האָט ער זיך אין זיינע לידער אינגאַנצן באַפרייט פון טראַדיציע און אויב אין זיינע לידער זיינען קיין ארבעטער מאָטיוון נישטאָ, איז אָבער פאַראַן אין זיי א קאָל פון אַן ארבעטער. היינט באַפרידיקט זיך נישט דער ארבעטער מיט קיין קרעפּטיקע העפּקער־לידער, צוריק מיט אריבער צוויי צענדליק יאָר האָבן העפּקער־לידער געווירקט פונקט אזוי נוצלעך, ווי היינט סאָציאַלע לידער. אזעלכע שורעס, ווי:

דיין ליפּ פּארקנייטש,
שטרעק אויס דעם האַלדז!
און שטאַרץ אריין אין הימל גלייך
און זעסטו דאָרט א גאָט?!

(זע „צוויט", זייט 104)

אזעלכע אַ שורעס, וואָס ווייזן אונז היינט אויס וואולגאַר און באַנאַל, האָבן דעמאָלט געהאַט א גוטע ווירקונג און האָבן געהאָלפן דעם ארבעטער און מאַסן־מענטש זיך אויספּענטען פון די טראַדיציע־קייטן.

און ווען דער עלטערער מאַסקיל מאָרדכע אַלפערסאָן, וואָס איז פּערזענלעך אַן איטעם געבליבן באַ דער טראַדיציע, איז דאָ איבערגעגאַנגען פון העברעיש צו אידיש, האָט ער אין זיינע באַשרייבונגען געלאָזט הערן דאָס קאָל פון אָרעמען און אונטערדרוקטן קאָלאָניסט און ער האָט אויך געוויזן די מיעסע צורע פון באַלגוף און פון קאָרומפּירטן באַאַמטן דעם „נויגעש", וואָס נעמט כאַבאַר באַ די רייכערע און פּלאָגט די אָרעמערע.

די אידישע ליטעראַטור אין ארגענטינע האָט זיך נישט אנגעהויבן, ווי דאָס צייטונגס־וועזן ווען מיט קאָהעלעכיז איבער גאַבאָעס און מיט שאַנטאַזש איבער צדאָקע און נישט אַפילע מיט אינטעליגענטישן וועלט־שמערץ, נאָר מיט בונט פאַר פרייהייט (און העפּקיירעס) און מיט וויינעשריי פון ארבעט און פּלאָג און אונטערגעדרוקטקייט.

אין אונזער ארגענטינער סוויווע האָט נישט געהאַט קיין אויבער האַנט דער אינטעליגענט, אָבער ער איז געווען און ער איז דאָ. עס זיינען אהער אנטלאָפן פּאָליטישע און גלאַט דעקלאַסירטע אינטעליגענטן און אינטעליגענטישער וועלט־שמערץ האָט זיך צומאָל געלאָזט הערן אין דער ארגענט. אידישער ליטעראַטור. שוין אין דער ערשטער עפּאָכע האָבן זיך באַוויזן דיכטער מיט אינטעליגענטישן וועלט־שמערץ. דער הונדערט פּראָצענטיקער גראַמאַטאָן פרומקין, דער שיינשרייבנדיקער און מעליצעדיקער אַבאַ קלונער און דער גראַמאָפאָנישער יאַנקעוו אייזנשטיין זיינען אַלע אינטעליגענטיש. דער ערשטער האָט גלאַט געגראַמט הערץ מיט שמערץ, דער דריטער האָט באַוושאָווריש פילאָזאָפירט און באַוויינט זיינע טעג די געשאָכטענע טויבן און דער צווייטער האָט בענקנדיק געשטרעקט אָרעמס און גערופן צום אבסטראַקטן:

מיך ציט וואוהין, מיך ציט וואוהין — — — —
איך גיי ארום אָן ציל, אָן זין
און ניט איך שלאָף, און ניט איך וואך
און קוק אָן טאָלק אף יעדע זאך...
צי וויל איך וואָס? צי דאַרף איך מער?
עס לעבט אין הארצן א באַגער,
נאָר אומבאַשטימט און טונקל שוואך.·.

(זע זאַמלבוך „אויף די ברעגן פון לא פּלאַטא", זייט 40)

אין דער פּראָזע האָבן זיך באַוויזן אַ סאַך סאָלידערע אינטעליגענטע שריפט־שטעלער: איסראָעל העלפמאַן און אַרן בראָדסקי; דער ערשטער אַ סענטימענטאַלער, אָבער אַ פּיקייעך, וואָס האָט זיין סענטימענטאַליזם געקאָנט באַהאַלטן און האָט גע־קאָנט מיסע־נאָמבערג אַ לאָך טון פון ליידן און ליקווידירן די שוואַכע און פּאַרלוי־רענע האַלב־אינטעליגענטן, פאַר וועלכע דאָס לאַנד אַרגענטינע איז צו גרויס, צו יונג און באַ וועלכע עס פאָדערט מער קויעך וויפל זיי האָבן, מער מוט און עפּשער אויך מער געמיינקייט און נידערטרעכטיקייט... אַרן בראָדסקי האָט נישט געקאָנט און נישט געפּרואווט אַפילע צו באַהאַלטן זיין סענטימענטאַליזם. אַליין דאַווקע אַן אַרבעטער, איז ער אין זיין שאַפן אַ אינטעליגענט דורך און דורך. ער האָט אַ ווייכן סטיל, נישטאָ אין אים קיין ריטם פון אַרבעט, נאָר דער ריטם פון טראַכטן און פילן און ער ליקווידירט נישט סאַטיריש זיינע שוואַכע און הילפלאָזע העלדן, נאָר אַדע־ראַבע: ער אידעאַליזירט זיי. ער ווייזט זיי דערהויבן און שיין אין זייער שוואַכקייט — זיי זיינען יעזוסדיק פאַרגיבעריש, און זייערע ליידן ווערן די זאַלץ פון לעבן...

דאָך איז די ליטעראַטור אונזערע נישט געוואָרן אינטעליגענטיש אין ערשטן פּעריאָד. די האָרעפּאָשניקעס האָבן אַריבערגעשריגן. צו מוישע פּינטשעווסקין איז צו־געקומען אין דער פּאָעזיע יאַנקעוו שטרייכער, וואָס האָט געלאָזט הערן אַ הייזעריק קאָל פון אַן אַרבעטער און צומאָל אויך געגעבן צו פילן שטאַרקע הענט און אַ קלאַפּ פון האַמער. יאַנקעוו שטרייכער האָט אויך געקרעכצט און דער קרעכץ איז נישט סאָ־מיד געקומען פון נויט און פּיין, נאָר פון טראַכטן, קלערן און מוירע האָבן, דאָך איז ער געבליבן אין גרעסטן ראָוו פון זיינע לידער עכט, אָרנטלעך און האָרעפּאָשנע. און אווראָם מאָשקאָוויטש, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען דער דיכטער פון קאָלאָניסט אין דער צייט, ווען ער האָט אָנגעהויבן ווערן אַ באַלעבעסל און ער האָט באַזונגען זיין זאַטקייט, זיין שאַבעסדיקע ראָמאַנטיק, האָט דאָך אַריינגעבראַכט דעם דראַנג צו אַרבעט, די ליבע צו און אָטעם פון אַרבעט און דעם רייעך פון פעלד. פּינטשעווסקי —שטרייכער—מאָשקאָוויטש זיינען געוואָרן אַ סאַך אַ קרעפּטיקערער און ווירקנדי־קער סריאָ, ווי קלוגער—איינשטיין—פּרומקין.

און אויך אין דער פּראָזע אין אונזערער האָט דאָס אַרבעטערישע פּאַרנר מען אַ אויבנאָן פּלאַץ. צו אַלפּערסאָנען זיינען צוגעקומען גוייעך וויטאַל און באָרעך בענדערסקי. דער ערשטער האָט אַריינגעבראַכט פרייערע עראָטיק, נישט קיין בקירע־דיקע און ער האָט אַריינגעבראַכט איבערהויפּט דעם טאָזשער (וואַרשטאַט) מיט דער אַרבעט און דעם אַרבעטער און דער צווייטער האָט אַריינגעבראַכט פעלד, כאַיע, בע־היימע און דעם אַרבעטנדיקן מענטשנס גערעאַנגל מיט דער נאַטור. און אויב דער טריאָ אַלפּערסאָן—וויטאַל—בענדערסקי האָבן נישט נעדעקט דעם דואָ העלפמאַן—בראָדסקי, האָבן זיי דאָך פאַרנומען אַ פעסטע פּאָזיציע. און אַזוי אַרום איז די ליטעראַטור אונ־זערע דאָ אין ערשטן פּעריאָד געווען אַ סאַך מער אַן אַרבעטער ליטעראַטור, ווי אַן אינטעליגענטישע און פון טאַלמיד כאָכעמדיקן מאַסקיליזם איז זי געווען אין גאַנצן פריי.

און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געוויסע טראַדיציע אין דער אַרגענטינישער אי־דישער ליטעראַטור־ נאָענטקייט צום לעבן ביכלאַל און ספּעציעל צום אַרבעטער לעבן.

## 3.

## אַ שטורעם אין זעלביקן גייסט.

דער צווייטער דאָר שרייבער איז שוין איינגאַנצן אַנדערש; דער ערשטער איז דייף געוואָרן אין אַרגענטינע, דער צווייטער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אייראָפּע — אייראָפּע פון מילכאָמע און רעוואָלוציע־צייט. ער האָט מיטגעבראַכט אימפּעט און שטורעם אין דער פאָרם און אַ ברויזנדיקן סאָציאַלן אידעאַל, אַ נישט פאַרדייעטן, אַ נישט געלייטערטן...

די שריפטשטעלער פון צווייטן דאָר — מ. ד. גיסער, ל. מאַלעך, ה. בלאָשטיין און דער מעכאַבער פון אָט די שורעס — האָבן געהאַט צופיל באַגאַזש פון דער אַלטער היים, אַז זיי זאָלן זיך קענען אַקלימאַטיזירן. זיי האָבן געדאַרפט צופיל אַראָפּוואַרפן פון זיך. זיינען זיי דאָ טאַקע לאַנג, לאַנג געבליבן פרעמדע. זיי האָבן דאָ געבלאָזן מיט פרעמדע ווינטן...

ל. מאַלעך האָט זיך דאָ דער ערשטער אַקלימאַטיזירט. מיסטאָמע, ווייל ער האָט נישט מיטגעבראַכט זייער קיין גרויסן גייסטיקן און נישט קיין גרויסן ליטעראַרישן באַגאַזש. ליטעראַריש איז דאָס גרעסטע בא אים געווען — נאָמבערגס האַסקאָמע, וואָס האָט מער ווערט געהאַט, ווי זיינע עטלעכע מיטלמעסיקע באַלאַדן און די אונטערוועלט פּיעסע „אַפּפאַל“. גייסטיק האָט ער מיטגעבראַכט אַן אידעישע נעטיע צו סאָציאַליזם און אַן אָרגאַנישע נעטיע צו רעליגיע און צו רעליגיעזן קידעש האַשעם. הערנדיק און זעענדיק אין בראַזיל „קאָל נידרע“ בא יענע, זעענדיק רעליגיעזקייט אין מעהאָם, האָט ער זיך לאַנגזאַם באַפרייט פון דער דאָזיקער נעטיע און די כושים האָבן זיך אים געעפנט פאַרן קעגנוואַרטיקן און טאַקע לאָקאַלן לעבן.

מ. ד. גיסער האָט זיך דאָ שווערער אַקלימאַטיזירט. ער האָט אַהער מיטגעבראַכט מער ליטעראַרישן באַגאַזש און מער אידעישן, ער האָט געוואַנדערט בישאַס מילכאָמע און רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און האָט געבראַכט נויטגעשריי פון פּוילן, אויפברויז פון דייטשלאַנד, דערצו איז מ. ד. גיסער קאַפּריזנער און קאָמפּליצירטער, ווי ל. מאַלעך און ער האָט שווער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און שווער אַרויפגענומען אויף זיך, ער איז יאָרנלאַנג געבליבן דער דיכטער פון וואַנדערער און פון אימיגראַנט. און אויב ער האָט אויפגעכאַפּט אַרגענטיניש, איז עס געווען דאָס טשיקאַוועס־עקזאָטישע. ער הויבט זיך ערשט איצטער אָן צו אַקלימאַטיזירן. אין זיין נייעם בוך „לידער און פּאָעמען“, וואָס איז שוין דער דריטער, פילט זיך אַרגענטינער אָטעם.

ל. מאַלעך און מ. ד. גיסער זיינען ביידע פון זעלביקן אָפּשטאַם, וואָס דער ראַווהיגע אידישע שריפטשטעלער, זיי זיינען ביידע אַרבעטער, דאָך איז ל. מאַלעך אַ סאַך מער נאָענט צו דעם אייגנאַרטיקן אַרגענטינער טאָן, וואָס זיין סימען איז פּאַשעטקייט און פּראָסטקייט, ווי מ. ד. גיסער. ל. מאַלעך איז, ווי געזאָגט, וויניקער קאָמפּליצירט און ער איז געגאַנגען מיט אַ גלייכן וועג צו זיך, מ. ד. גיסער גייט מיט זיגזאַגן, ער איז געווען אָרעמאַנסקע, שפּעטער אימיגראַנטיש און איצטער איז ער פּאָעטיש און בונטאַריש און ער שטרעבט צו ווערן פּראָלעטאַריש. ל. מאַלעך איז אָנגעקומען לייכטער, מ. ד. גיסערן שווערער, אָבער ביידע האָבן זיך שוין אַריינגעפּאַסט אין דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור און זיינען געוואָרן אירע אָרגאַנישע טיילן 3).

אַנדערש איז געווען מיט ה. בלאָשטיין. ער איז געקומען אַהער שוין מיט אַ היפּשן ליטעראַרישן באַגאַזש און מיט אַ נאָך אַ גרעסערן אידעישן. לויט דער דערציונג און צוגרייטונג אַן אינטעליגענט — כאָטש ער האָט אין זיינע לעצטע פּאָעמען געזוכט צו אַרויסשטעלן זיין פּראָלעטאַרישן (און ראַבאָנישן) איכעס — האָט ער באַוואוסטזיניק דורכגעמאַכט די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע אין אירע פאַרשיידענע ניואַנסן, אָבער איז ער געקומען אַן אַנטלאָפענער פון ראַטנפאַרבאַנד, אַנטיקאָמוניסטיש און אַפילו אַנטיסאָוועטיש גענוינט. אָרגאַניש איז ער געווען (און מיסטאָמע אַדאַיעם) אַן אינדיווידואַליסט. דער טאָן איז בא אים געשטעלט געוואָרן אַף דער אינדיווידואַליסטישער פאָרם און טאַקע אַף די אינדיווידועלע שטרעבונגען. אין דער האַקדאָמע צו זיין ראָמאַן „זונענטרעפּ“ רעדט ער וועגן זיך און זיין כאָכמע אין פרענקלעכן עגאָצענטרישן טאָן.

3) עס איז מערקווירדיק, וואָס ווען ל. מאַלעך איז געוואָרן אַרגענטיניש, איז ער אַוועקגעפאָרן און וואָס מ. ד. גיסער, וואָס איז שוין אויך אַרגענטיניש, פאָרט אויך אַוועק. און מוישע פינטשעווסקי איז אויך אַוועקגעפאָרן...

ה. בלאַשטיין איז אַ פערזנמייסטער, אַ ווירטואָז און אַ זשאָנגליאָר און ביכלאַל
אַ שרייבער אַ פיקייעך, ער דאַרף נישט באַנעמען מיט די כושים דאס לעבן און עס
איבערקאָכן אין בלוט, ביכדיי דאָס צו איבערשאַפן, ער שאַפט עס איבער מיטן מויעך־
ער האָט דאָ געשאַפן צענדליקער לידער פון היגן לעבן, וואָס האָבן געהאַט די לייכט־
קייט פון רייזע־איינדרוקן און זיינען טאַקע נישט געווען מער ווי רייזע־איינדרוקן.
ה. בלאַשטיין האָט אויך געשריבן אַ סאַך קאַמפּס־אַרטיקלען און ער האָט פאַרלאַנגט
אַז די ליטעראַטור זאָל זיין נאָענט צום לעבן, קעמפעריש און געזעלשאַפטלעך, אָבער
אַליין איז ער געבליבן אַן עקזאָטישער פלאַנץ אין דער היגער ליטעראַטור, ער איז
געבליבן דער אינטעליגענטישסטער צווישן די היגע שרייבער און ער האָט קיינמאָל
נישט געהאַט די איינפאַכקייט פון אַרבעטער־טאָן אויך ווען ער האָט געשריבן סאָ־
ציאַלע באַשטעלטע לידער און ווערק.
דעם פערטן פון דער דאָזיקער גרופּע לאָז איך אויס צוליב פאַרשטענדלעכע טייר־
מים: ווענן זיך אַליין שרייבט מען דאָך נישט...
צו דעם צווייטן דאָר שריפטשטעלער דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן נעכעמיע
צוקער, וואָס האָט מיטגעבראַכט פון גאַליציען צוויי דראַמען: „די כאַליציע“ און
„קאָרבאָנעס פון פאַנאַטיזם“, איןביידע איז פאַראַן טעמפּעראַמענט און אַנטירעלי־
גיעזע בונטאַרישקייט, אין אַרגענטינע האָט נעכעמיע צוקער דערווייל זיך באַוויזן
נאָר מיט קיבעץ און פּאַראָדיע, אין די פּאָר ערנסטערע איינאַקטערס צוקערס איז
פאַראַן אַביסל שילדערונג און שטימונג, אָבער דאָס געזעלשאַפטלעכע אין זיי איז נול.
אויך שמואל גלאַזערמאַן געהער צום צווייטן דאָר. ער איז אַ געבוירענער אין אַר־
גענטינע, אָבער אויב דער סימען פון דער אַרגענטינישער אידישער ליטעראַטור איז
נאַטירלעכע פּראָלעטאַרישקייט (אָדער בונטאַרישקייט) און כוש פאַר געזעלשאַפט־
לעכקייט, דאַן איז דער דערמאָנטער צום וויניקסטן אַרגענטיניש. פאַראַן ביי אים
טיפן, אָבער נישט קיין סוויווע און נישט קיין סאָציאַלע קאָנפליקטן.
לויטן עלטער (מיסטאָמע) און לויטן טאָך וואָלט דער דערציילער און דראַמאַ־
טורג אַווינגדער שפּריצער געדאַרפט געהערן צו אָט אַ דעם דאָר, אָבער ער איז געקו־
מען שפּעטער און געווירקט האָט ער שוין איינצייטיק מיט דעם דריטן דאָר, מיט
די יונגע. אויך ד״ר ל. זשיטניצקי געהער צום צווייטן דאָר און געווירקט אַלס ליטע־
ראַטור־קריטיקער האָט ער איניינעם מיטן דריטן דאָר.
צום צווייטן דאָר געהערן אויך די דערציילער: אַ. פייערמאַן, מאָרדכע מיידאַ־
ניק, אַ. מאַרגאָלין, אַ. אַ. פישער און אַ. זייד. אַ. פייערמאַן האָט קימאַט איין העלד:
קלעמענטין בענקמאַן, אַ באָכער, וואָס איז עלנד, בענקט און האָט אויפברויזן פון
אומצופרידנקייט מיטן וועלט־סיידער. אַ. פייערמאַן איז צופיל אַריינגעטון אין זיין
העלד און זעט נישט צוליב איין בוים דעם וואַלד... פאַראַן שיינע מענטשלעכע גע־
פילן אין פייערמאַנס העלד, אָבער דאָס איז עפּשער גענוג פאַר לידער... מאָרדכע
מיידאַניק שילדערט דאס אידישע לעבן אין די קליינע שטעטלאַך, האָט כוש פאַר
סוויווע און קאָן שאַרזשירן שוואַכקייטן. זיינע הויפּט העלדן, אַזוי צו זאָגן, זיינען
אָפּט לערער און אינטעליגענטן, וואָס ראַנגלען זיך מיט דער סוויווע צוליב זיך אַליין
און צוליב — מיסטאָמע — אידישלעכע אידעאַלן. אַ. אַ. פישער געהער אויך צו די
דאָזיקע, וואָס זיינען געקומען שפּעטער און אַ. מאַרגאָלין איז אַפילע געקומען פריער
האָט אָנגעהויבן ווירקן שפּעטער, ווען די יונגע האָבן שוין געשאַפן אַף סאָצבאַשטע־
לונג. אַ. זייד האָט געשריבן פּאַטאָגראַפישע בילדלעך פון דער קאָלאָניע און אַראָפּ־
געכאַפּט קאָנפליקטן צווישן פריי־געשטימטע קינדער מיט זייערע פרומע עלטערן און
עפּעס אויך פון סאָציאַלע קאָנפליקטן.
אַזאַ קלאָרן פּאַרצעף, ווי די אידישע ליטעראַטור האָט דאָ געהאַט אין ערשטן
דאָר האָט זי אין צווייטן נישט געהאַט; אויך די באַפעלקערונג האָט פאַרלוירן דעם
פריערדיקן פּאַרצעף און איז געוואָרן דיפערענצירטער און שטורמישער. דער עמי־

גראַציע שטראָם פון 1919־23 האָט מיטגעבראַכט דעם שטורעם און אויפברויז פון מילכאָמע און רעוואָלוציע און ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז זי זאָל דאָס ברענגען אין לעבן אַריין, און אין דער ליטעראַטור אַריין.

די דערשיינונג פון דער דאָזיקער כאַאָטישער אויפרודערונג איז געווען אַ מוז און האָט אין אַלגעמיין נישט געבראַכט קיין שאָדן דער אַרגענטינישער אידישער ליטעראַטור, נאָר טאַקע נוצן. זי האָט אַריינגעבראַכט וועלט, וועלט־פּראָבלעמען און געמאַכט די ליטעראַטור — גרויסשטעטישער.

און אין סאַכאַקל איז פון אָט דעם דאָר שוין פאַראַן עפּעס, וואָס וועט אַריינגיין מיט קאָוועד אין דער אידישער ביבליאָטעק. ל. מאַלעכס בילדער, דערציילונגען, דראַמען און איבערהויפּט זיין ראָמאַן „דאָן דאָמינגאָס קרייצוועג" און מ. ד. גיסערס לידער און פּאָעמען.

מאָדנע: כאָטש די טאָנגעבער פון דער צווייטער עפּאָכע זיינען געווען די נישט אַרגענטינער, די אימיגראַנטן, איז דאָך געבליבן די פּראָגרעסיווע ליניע. עמעס: שוין מער אינטעליגענטשע בונטאַרשקייט, ווי נאַטירלעכע פּראָלעטאַרישקייט, אָבער ראָמאַנטיק און רעאַקציע איז אויך איצטער נישט געווען... עס איז געווען אויך נישט סאָציאַלע ליטעראַטור, עס איז געווען איבערהויפּט ליטעראַטור פון דער ערשטער מאַדרייגע (נוצנדיק זיך מיט לונאַטשאַרסקיס דעפיניציע) וואָס וויל נישט און קאָן נישט מער ווי שילדערן און אַמאָל אפילע נאָר פאָטאָגראַפירן, אָבער קיין אַנטיסאָציאַלע ליטעראַטור איז אויך אין צווייטן דאָר נישט געווען.

## דער דריטער דאָר אין דערמיט.

דער דריטער דאָר איז געקומען קימאַט איינצייטיק מיטן צווייטן; אויך דער דריטער דאָר באַשטייט פון אימיגראַנטן, טאַקע פון סאַמע אימיגראַנטן, אָבער — פון אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען אַהער זייער יונג, אָן ליטעראַרישן באַגאַזש, מיט ווייניק גייסטיקן באַגאַזש און האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן אַנטוויקלען.

אינהאַלטלעך, ס'הייסט: אין דער טעמאַטיק, זיינען די יונגע נאָענט צום ערשטן דאָר. זיי האָבן אַלע (מיטן אויסנאַם פון אַקשן, מוישע גראַניטשטיין) באַלד גענומען שרייבן פון אַרגענטינער לעבן. אין דעם טאָן זיינען זיי נאָענט צום צווייטן דאָר. זיי האָבן די מילכאָמע און רעוואָלוציע איבערגעלעבט אַלס קינדער, אָבער דאָך איבערגעלעבט און אינטענסיוו און זייערע געמיטער זיינען געווען צעשטורעמט.

ס'איז מערקווירדיק, וואָס די יונגע זיינען אַלע מער אָדער ווייניקער סאָציאַלבאַוואוסטזיניק און האָבן נעטיעס אויף לינקס. אַלע זיינען דאָ אָנגעשמעקט מיט דעם סאָציאַליזם אין זיינע פאַרשידענע פאָרמען און קיינער נישט מיט קיין נאַציאָנאַליזם. זיי זיינען מיסטאָמע שוין געקומען אַהער מיט די דאָזיקע שטימונגען און נויגונגען, אָבער נאָך מער זיינען זיי עס דאָ געוואָרן. די אידישע סוויווע איז אין אַרגענטינע, ספּעציעל אין בוענאָס איירעס דורכגעדרונגען מיט פּראָלעטאַרישקייט. פאַראַן אַ נאַציאָנאַליסטישע יוגנט אויך, אָבער אַלפּיראָוו אַ שפּאַניש־ריידנדיקע און זי אַזוי נישט בעקוויעך צו צוציען קיין יונגן אידישן שריפטשטעלער.

אונטער דער האַשפּאָע פון דער סוויווע, פון דער נאַטירלעכער פּראָלעטאַרישקייט און פון דער רעוואָלוציאָנערער בונטאַרישקייט פון די ערשטע צוויי דורות אַרגענטינער אידישע ליטעראַטן און טאַקע אויך אַ דאַנק די נייערע שטימונגען אין דער אַלטער היים, האָבן די יונגע אָנגעהאַלטן די ליניע פון דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור. קיין איין יונגער איז נישט געווען קיין כאָסיד פון סטאָם שיינשרייבעריי און קונסט לעשעם קונסט.

יאָסעף ראַבינאָוויטש, דער רייפערער, דער טעכניש גאַנצערער פון די יונגע, האָט באַשריבן און אַרויסגעבראַכט „קאָנווענטיזשעס", פאַבריקן און טאַזשערן. ער האָט אַ ספּעציעלע נייגונג צו אַלטימשקע, אָבער מאָלנדיק זיי, ברענגט ער דורך די טראַגי־

קאָמישע קאָנפּליקטן אַרויס דאָס פּעלן פון לעבן און שטייגער בא די האָרעפּאַשנע מאַסן און דעם גנראַנגל פאַר שטייגער. עמעס, ווען ראַבינאָוויטש האָט געוואָלט געבן דעם אָטעם פון דער רעוואָלוציע, וואָס קומט, וואָס שטרויכלט זיך, פאַלט, הויבט זיך אויף און קומט, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אַלטער היים, ער האָט אין אַרגענטינע דערווייל מער אָנגעטאַפּט דעם טראַגיקאָמישן מאַצעוו פון די אַלטע, דעם קאַמף פון די יונגע, זוכט ער ערשט, אָבער ביכלאַל איז ער געגאַנגען, כאָטש אין די גאָר ערשטע זאַכן זיינע, אין וועלכע עס איז געווען צופיל פאַרצווייפלונג, אַפּן וועג פון נאַטירלעכער פּראָלעטאַרישקייט.

בערל גרינבערג, דער עקספּרעסיוויסטער צווישן די יונגע, האָט מיט יוגנטלעכער שטיפעדישקייט זיך אַ לאָז געטון אַף דעם אויפגעקומענעם באַלעבאָס און אים געוויזן אין זיין גאַנצן לעכערלעכקייט. און ער האָט גענומען ווייזן דעם יונגן אַרבעטער, פון וועלכן עס זינגט אַרויס עפּעס אויך, ווען די נויט דריקט אים.

מוישע גראַניטשטיין, דער אינטעלעקטואַלסטער פון דער יונגער גרופּע, האַלט בא איין ליקווידירן די אַלטע היים זיינע, ליקווידירן סאָציאַל און קולטורעל און קלויבט זיך אַליין צו. נעמען שילדערן קלאַסן־קאַמף אין קאַמף קעגן טראַדיציע אין אונזער סוויווע.

שלוימע סיסקאָוויטש איז מער אַן אַמכאַ־שריפטשטעלער, ווי סאָציאַלער. ער איז דער איינציקער הומאָריסט צווישן די יונגע און ער שילדערט מיט טרויעריקן הומאָר דאָס לעבן פון עלנדן באָכער אין די פאַרשטעטלעך און די פּרוכטלאָזע קאַפּריזנקייט פון די אַקריאָזשירטע מיידלעך. שלוימע סיסקאָוויטש מאַניפעסטירט זיך די לעצטע צייט אויך אַלס ליטעראַטור־קריטיקער און אַלס אַזעלכער זוכט ער צו זיין נאָר אַ כאַראַקטעריזירער פון שרייבער און געשריבענעם, נישט אויך אַרויסטיילן די סאָציאַלע מאָמענטן, אין זיין ליטעראַטור אָבער איז פאַרט פאַראַן אַ מאָמענט, וואָס האָט אַ סאָציאַלן ווערט... ער לאַכט אויס די אַזוי גערופענע מאָראַל די קליינבירגערלעכע. שלוימע סיסקאָוויטש וואָלט געקאָנט ווערן דער הומאָריסט אין אונזער ביסל ליטעראַטור, האָט ער ווייזט אויס, קיין מוט נישט דערצו... הייגנט האָט זיך געשאַפן אַ גרינגשעצונג צו הומאָר — מאָרעשכוירעדיקע צייטן... שלוימע סיסקאָוויטש איז אַ דאַנק זיין אַמכאָדיקייט אַ נאָענטער צו דער נאַטירלעך פּראָלעטאַרישער ליניע.

יאַנקעוו פלאַפּאַן, דער קרעפּטיקסטער צווישן די יונגע, האָט זיך אַנטפּלעקט אי אַלס דיכטער, אי אַלס דערציילער. אַלס דיכטער האָט ער גאָר ביים אָנהויב זשאָנגלירט און געוואָרפן מיט שורעס, ווי אַ קונצנמאַכער מיט סטענגעס, דערנאָך האָט ער געלאָזט הערן עכטע געדאַנקען, וואָויליונגערישע, יונגע און מוטיקע. אין די דערציילונגען ליידט ער פון אַן איבערפלוס פון פאַרבן, פאַראַן בא אים צופיל געדיכטקייט און צו ווייניק אָטעם, צו פיל פלייש און בלוט און צו ווייניק קאָנטראָל פון סייכל. אויך אין די דערציילונגען איז פאַראַן וואָויליונגערישקייט און וואָוילע יונגען. דער ראָוו העלדן פלאַפּאַנס באַשטייט פון פאָלקס־יונגען, וואָס ווערן מאַטראָסן. פאַראַן מער בראַוואָור פון אימפּעט און צופיל אונטערוועלט, אָבער טראָץ דעם אַלעמען איז פלאַפּאַן אַ שריפטשטעלער, וואָס איז פון דער נאַטור בונטאַריש, נאָר אויך אין אַ היפשער מאָס פּראָלעטאַריש.

יאָסל גאָלדבערג, איזי שאַפּער, מימי פינזאָן, וואָס האָבן אָנגעהויבן מיט עפּעס און אויפגעהערט — די לעצטע צווי האָבן אויפגעהערט שרייבן און דער לעצטער שרייבט און ס'וואָלט געווען בעסער, ווען ער שוויגט — זיינען אויך אַלע געווען פון דער נאַטור נאָענטע צום אַרבעטער און האָרעפּאַשניק.

די ליטעראַטור־קריטיק איז דאָ אויך געווען אַ מער אָדער ווייניקער נאַטירלעך און באַוואוסטזיניק פּראָלעטאַרישע. אין דער ערשטער עפּאָכע האָט געהאַט האַשפּאָע אַלס קריטיק נאָר דער פּראָלעטאַריש־געשטימטער פיניע קאַץ, יויסעף מענדעלסאָן,

וואָס איז געווען ראָמאַנטיש־באַלעבאַטיש אין זיין ביסל קריטיק און האָט אויפגעהויבן הילעל צייטלין איבערהויפּט, ווייל ער איז קאָנסערוואַטיוו, האָט דאָ קיין שום האַשפּאָע נישט געהאַט. און אַף דעם צווייטן און דריטן דאָר האָט אַלס קריטיקער געהאַט אַ געוויסע האַשפּאָע ד"ר ל. זשיטניצקי, און מיסטאָמע אויך דער מעכאַבער פון אָט די שורעס אוןביידע האָבן דוכט זיך קיינמאָל נישט איגנאָרירט דעם סאָציאַלן מאָמענט.

די יונגע ליטעראַטן אונזערע, האָבן ווי אַלע יונגע, געבלאָנדזשעט, געמאַכט זיגזאַגן, אָבער ווייט פון שליאַך זיינען זיי קיינמאָל נישט געווען. אינסטינקטיוו האָבן די יונגע אויסגעמיטן דאָס כאַאָטישע פון דער צווייטער עפּאָכע און האָבן, פאַרייניקנדיק זיך מיט די אַלטע, געשפּאַנט פאָרויס.

איז געקומען אַ געוויסער צאַד און גענומען פאַרלאַנגען דאָ די יונגע פּראָלעטאַרישקייט און פאַרלאַנגט האָט ער עס ליידער מיט ווייניק קלאָרקייט, אָן באַהאַוונטקייט און גרילצנדיק און שרייעריש און עס איז געקומען צו אַן אומזיסטיקער שפּאַלטונג, אידעיש און אָרגאַניש זיך נאָענטע האָבן זיך צעשיידט און אַ סאַך האָבן גענומען פּראַוועון קונצן, ריידן נישט מיט זייער קאָל און מען האָט אַ סאַך מאָל נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי ווילן. דער קרעפּטיקער, פּלאַפּאַן איז געפאַלן אַ קאָרבן אַ דאַנק דער געקינצלטער פּראָלעטאַרישקייט. און ער איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס איז געפאַלן, די גאַנצע ליטעראַטור איז געפאַלן, אַ דאַנק דעם, וואָס זי האָט פאַרלוירן קאָנטאַקט און באָדן. עס איז פאַר אָט דער צייט צוגעקומען דער דיכטער מוישע קויפמאַן, אַ ליריקער און אַן עפּיקער מיט שוואונג און באַאָבאַכטונגס־קראַפט, ער האָט נישט ווייניק אָפּגעגעבן זיין מאָס דער געקינצלטקייט, דאָך איז ער געבליבן פּראָלעטאַריש נאַטירלעך און מענטשלעך, ער איז נישט געוואָרן מעכאַניש, אָבער ער איז אויך פאַרשריגן געוואָרן פון אַזעלעכע, וואָס קאָן שטאַרק קלאַפּן, ווייל זיי זיינען אינעווייניק ליידיק... און ס'איז אַוועק אַ לאַנגע מילכאָמע, וואָס האָט כאַרעוו געמאַכט סיי די שרייבער, סיי די לייענער, דער שרייבער האָט געבלאָנדזשעט, די לייענער זיינען געבליבן אָן ליטעראַטור!..

און איצטער געפינט זיך דאָס ביסל אַרגענטינישע ליטעראַטור אין דער לאַגע פון אַ שיפּסברוכיקן, וואָס האָט זיך קוים געראַטעוועט און זוכט אַ וועג...

❖ ❖ ❖

יאָסעף ראַבינאָוויטש

# אַרגענטינער הימן

(איינאַקטער)

— פערזאָנען: —

כאָסע — אַ מויעדער
מאַריאַ — זיין פרוי
סאָלאָמאָן — איר ברודער.

אַ קליינער צימער מיט אַ פענצטער צום גאַס. ס׳שטייט אַ בעט און אַ קינ־דער בעטל. אַ טיש, אַ פּאָר ביינקלעך. אַ קליינע שאַפע און אַנדערע קליניקייטן. אַף אַ קליין ביינקעלע זיצט כאָסע. נעבן אים, אַ ברענענדיקער „פּרימוס" און ער טרינקט מאַטע. מאַריאַ קוקט דורכן אָפענעם פענצטער.

**מאַריאַ** (אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק) — ווידער זענען די קינדער אַוועק אין שולע אומצופרידענע. אַז מען וויל, זיינען זיי גערעכט.

**כאָסע** (אין די זעלבע יאָרן וואָס זי, נאָר זעט אויס קראַנק און צאָרנדיק) — קינ־דער, פלעג איך זאָגן, זענען טאָמיד גערעכט. כ׳בין איצט מוידע, אַז דאָס איז געווען אַ ריין בירגערלעכער זאַג. אָבער, בלויז אין באַצוג צו קליינע קינדער איז מיין מיינונג געווען אַזאַ, ניט קיין אויסגעהאַלטענע. דאָך, ווערדליק ווי דו זעהסט, הויב איך שוין אָן פאַרלירן דעם דאָזיקן קרענקליכן סענטימענט אויך, — אויב זיי וועלן פון קינדוויז אָן זיין צופרידן און צופרידן, וועט דאָס זיין אַ האַרב אַף זייער שפּעטערדיקן באַוואוסטזיין. אַף יאָרן און יאָרן.

**מאַריאַ** — ניט שטענדיק דאַרף מען נעמען פאַר אַ באַווייז די פאַקטן פון איי־גענעם לעבן.

**כאָסע** — דאָס מאָל לערן איך פון דיר.

**מאַריאַ** — קיין בעסערס, ווערדליק איך זע, זוכסטו שוין גאָרניט אין מיר.

**כאָסע** — האָסט ניט איבערטריבן.

**מאַריאַ** — זאָגסט דאָס ווייל דו ווייסט, אַז איך וועל פון דיר ניט אַוועקגיין. ווייל דו ווייסט, אַז איך בין זיך שוין צופיל מאַקריוו פאַר דיר. דערצו ווייסטו שוין אויך אַז ווען ניט איך, וואָלסטו פון טורמע נאָך אַזוי גיך ניט אַרויסגעקומען. עפשער וואָלסטו שוין איצט אינגאַנצן ניט נאָר קיין מאַטע ניט געטרונקען, נאָר אויך אויסגעמישט געווען מיט דער ערד. מעגלעך אויך, מען וואָלט דיר פון דאָנען צוריק געשלעפּט מיט דער „טשאַקאָ" איבער דער וועלט, ווי דער סאָף איז געווען מיט פיל דיינע כאַווירים. (זעצט זיך פאַרביטערט אָפן בעט).

**כאָסע** (שטעלט זיך קוים אויף) — הייסט עס, אַז איך קען שוין אָפענער ריידן. (דערנענטערט זיך צו איר) דאָ, מאַריאַ, ליגט דער הונט באַגראָבן. וואָלסטו מיך ליבערשט געדאַרפט לאָזן אין טורמע דערשלאָגן ווערן, פאַרשמיסן ווערן, איידער מיך צו ראַטעווען אַזוי ווי דו האָסט מיך געראַטעוועט.

**מאַריאַ** — איצט, אַז דו ביזט שוין אַף דער פריי, זאָגסטו עס.

**כאָסע** (צאָרנדיק) — אַזוי ראַטעווען ווי דו האָסט מיך געראַטעוועט, איז מער ווי פאַרברעכן! אַפילע אַ קרימינעלער פאַרברעכער, אַן אויסוואורף,

וואָלט ניט וועלן געווינען די פרייהייט וואָס זיין ווייב וועט אים ברייג־גען אָף אַזאַ אויפן ווי דו האָסט געבראַכט.

**מאַריאַ** — כאַסע, מען וועט דערהערן, שריי ניט. מען שטייט דאָך דאָ לעצ־טנס טאָג ווי נאַכט הינטער דער טיר.

**כאַסע** — האָסט מיך געדאַרפט אָנפרעגן צי וויל איך, צי וועל איך איינגיין אָף דעם. איך זאָג דיר מאַריאַ דעם עמעס: פון איצט אָן איז מיר ניט ליב מער ניט די היים, ניט די קינדער, ניט גאָרניט.

**מאַריאַ** — כ'בין ניט געווען שולדיק; כ'האָב געהאַט גרוסן ווי מען פייניקט דיך, ווי מען באַליידיקט דיך! יאָ, ווי מען באַליידיקט דיך. ווי מען טוט מיט דיר דאָרטן ווי מיט אַ פרוי, האָב איך מוירע געקראָגן אַז דו וועסט אָדער משוגע ווערן, אָדער מען וועט דיך דאָרטן באַגראָבן אַ לעבעדיקן; אָדער, איך, אין די אויגן פון אונדזערע קינדער, וועל ווערן משוגע.

**כאַסע** (זעצט זיך ווידער אָפן ביינקעלע טרינקען מאַטע) — האָסטו מיט איין פּלעק אָפּגעווישט דעם צווייטן. ו ו אָ ל ס ט ו אים אָפּגעווישט! האָס־טו געמיינט, אַז איך וועל דורך דעם אויסגעהיילט ווערן פון אַלץ וואָס זיי האָבן מיט מיר אָפּגעטון?

(מען קלאַפּט אין דער טיר)

**כאַסע** — אַריין.

(אויפטריט סאָלאָמאָן. אַן עלטערער מענטש. גיט כאַסע'ן די האַנט און זעצט זיך אַוועק)

**סאָלאָמאָן** — איצט דאַרף שוין ניט זיין אַזוי טרויעריק בײַ אייך. פון איצט אָן כאַסע, דאַרפסטו זיך זען היטן ווייטער ניט אַריינצופאַלן אין זייערע קייטן.

**כאַסע** — איר מעגט מיר יאָ טרייסטן און ניט טרייסטן. קיין הייליקער וועל שוין מיסטאָמע ניט ווערן.

**סאָלאָמאָן** — דאַרפסט מיר ניט האַלטן פאַר קיין סוינע, כאַסע. איך קום צו דיר ניט אַוועקצונעמען דיין קאָמוניזם. און דאָס וואָס איך בין איצט געקו־מען צו דיר, איז דיר צו פרעגן, צי דו ווילסט גיין אַרבעטן. ווייל איך ווייס אַז דו ביזט אַרבעטסלאָז, איך קען דיר געבן אַרבעט אָף אַ פּאָר מאָנאַט.

**כאַסע** — נאָך אַ פּאָר טעג. כ'בין זייער צעווייטיקט. (דורכן אָפענעם פענצטער פליט אַריין אין שטוב אַ פּאַרפּוילטע באַנאַנע).

**סאָלאָמאָן** — וואָס איז דאָס?

**כאַסע** — זיצט. כ'וועל פאַרמאַכן דעם פענצטער, דאָס גאָר. ס'איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל. דאָס איז דערפאַר, ווייל איך בין אַ קאָמוניסט. בײַ פיל היזיקע, איז אַ קאָמוניסט ערגער פון אַן אַלפאָנס. עס מוז אייך אוודע פרייען דאָס צו הערן, פריינט, כאַשעווער, סאָלאָמאָן.

**סאָלאָמאָן** — אַ רוס וואָלט דיר געענטפערט; ווען ס'איז ניט מיין אומגליק, וואָלט איך אויך געלאַכט. (צו איר) פאַרוואָס גיסטו ניט אַ קוק אין דרויסן ווער עס האָט עס געטון?

**מאַריאַ** — ס'איז דען דאָס ערשטע מאָל? פון זינט ער איז אַרויס פון טפיסע, האָב איך קיין רו ניט אין שטוב. אויך קיין רו ניט אין דרויסן. אפילו די שכיינים, ענטפערן מיר ניט אָפן גוט מאָרגן. פונקט ווי מיר זאָלן זיין אויסוואורפן, גאַנאָווים.

**סאָלאָמאָן** — ציט זיך אַרויס פון דאַנען.

מאַריאַ — ס'איז אַ גוטע אייצע. מיט וואָס? לאָז ער זיך שטעלן פריער אַר־בעטן. רעכנסט, אַז איך בין שוין אַ קליינער באַלכויזו?

סאָלאָמאָן — איך בין אים געקומען רופן צו דער אַרבעט. מיר האָבן אַנגענו־מען אַ גרויסע געביידע.

כאַסע — וואָס איז דאָס פאַר אַ געביידע?

סאָלאָמאָן — אַ טורמע איבערבויען אין אַ פאַרשטעטל.

כאַסע — אַ טורמע איבערבויען אין אַ פאַרשטעטל. זייער שיין. מיט אַנדע־רע ווערטער: גיין פאַר זיך נאָך בויען די טורמע! זוכט עמיצן אַנדערש ליבער שוואָגער. אייער ספּעציאַליטעט איז ווייזט אויס, בלויז טורמעס און קירכעס.

סאָלאָמאָן — ווען עס מאַכט זיך אַ באָד אַפילע, וואָלטן מיר זי אויך אַנגע־נומען.

מאַריאַ — איך באַטראַכט עס אויך ניט פאַר קיין פּאַראַט.

כאַסע — ווילסט האָבן נאָך אַ געלעגנהייט מיך צו קענען ראַטעווען. דיין ברודער וועט פאַר מיר בויען טורמעס און דו וועסט ניט פאַרשפּעטיגן און קומען צו דער צייט מיך אויסלייזן.

סאָלאָמאָן — מיש מיר ניט אַריין. איך בין געקומען ווי אַ גוטער פריינט דיך העלפן, דיר אויסשטרעקן די האַנט בעיים דו טרינקסט זיך, און דו נעמסט מיר אויף ווי אַ סוינע.

כאַסע — ער איז מיך געקומען רופן איך זאָל שלעפּן ציגל אַף די שטאַקן, דאָס זאָגט ער, אַז ער איז מיר געקומען גאָר העלפן.

סאָלאָמאָן — היינט צו טאָג, אַז מען גיט יענעם אַרבעט, הייסט געהאָלפן יע־נעם. דאָס איז היינט צו טאָג אַ גרויסע טויווע. ווייטער, טו ווי דו פאַר־שטייסט. אַ גוטן. (אָפּ)

מאַריאַ — אַזאַ בייזן האָב איך דיר נאָך ניט געזען.

כאַסע — כ'האָב אָבער אויך קיינמאָל אַזעלכע טויוועס פון דיר ווי פון דיין ליבן ברודער, אויך קיינמאָל ניט דערוואַרט. ער וויל, איך זאָל אים אַ טורמע העלפן בויען. ער איז דאָך ספּעציעל געקומען פון מיר כויזעק מאַכן. שפּייען אין מיין פּאָנים. וואָלט איך געווען אַ גאַנעוו, וואָלט ער פעיק געווען מיר קומען באַגאַנוועגען. וואָלט איך געווען אַ רופיאַן, וואָלט ער צו מיר געקומען רעדן וועגן מאָראַל און פּראָסטיטוטקעס. בין איך אַ קאָמוניסט, איז ער געקומען איך זאָל גיין בויען אַ טורמע. גראַד איצט האָט ער עס געפונען פאַר נויטיק צו רעדן פאַרשטייט זיך. ווען איך בין איצט פון דאָרטן קוים אַרויס מיט מיין לעבן. און דאָס אויך, זאָגסטו, אַז איך בין אַרויס פון דאָרטן אַ דאַנק דיר!

מאַריאַ — צו וואָס פייניקסטו מיך, ווערט דיר דען דערפון גרינגער?

כאַסע — ווער פייניקט ווּעמען.

מאַריאַ — פאַרוואָס זאָגסטו „אַ דאַנק דיר"? האָב איך דען עס געטון מיט מיין גוטן ווילן? בין איך דען געגאַנגען צום קאָמיסאַר ער זאָל מיר שענדן ניט דערפאַר קעדיי דיר צו באַפרייען פון דער אינקוויזיציע, — וואו מען האָט מיט דיר געטון דאָס, וואָס מען טוט אַפילע ניט מיט קיין גאַסנפרוי? האָב איך עס דען געטון קעדיי דו זאָלסט מיר קענען געבן אַ דאַנק? דערפאַר, קעדיי איך זאָל ווערן פאַרעכנט פאַר אַ פּראָסטיטוטקע אין דיינע אויגן? (צעווייינט זיך)

כאַסע — וואָלט איך געווען אַ גאַנעוו, אַן אויסוואָורף, וואָלסטו ע פּ ש ע ר רעכט געהאָט דאָס צו טון. בין איך אָבער אַ קאָמוניסט, און אַלס אַזעלכן האָסטו מיך גענומען, האָסטו געדאַרפט וויסן, אַז אַזעלכער איז ניט פעיק

צו באַצאָלן פאַר זיין פרייהייט מיט זיין ווייב. איז וואָס זשע האָב איך איצט: דיר, אָדער די פרייהייט? די פרייהייט? מאָרגן איז אויס פרייהייט!

**מאַריאַ** — אַזוי רעדט אַ קליינבירגער, אָן עגאָיסט.

**כאָסע** — איצט, ווי באַלד דו ווייסט שוין ווי אַזוי און וואָס, וועל איך שוין הייסט עס מער אין טורמע ניט דאַרפן זיצן. דער זעלבער קאָמיסאַר וועט מיר ווידער קומען בעקיוון צונעמען און דו, און דו וועסט געוויס מיך צוריקברייגגען אַף אָן אָרט. דאַ אַף דעם קליינינקן ביינקעלע. ווי שיין דאָס וועט זיין, מאַריאַ.

**מאַריאַ** — (בעט זיך) אָדער פאַרגעס אָן דעם, אָדער איך וועל מאַכן אַ סאָף צו אַלץ! ס'איז געווען אַ פינצטערער איינפאַל פון מיין זייט. אַז איך האָב דערהערט וואָס מען טוט מיט דיר דאָרטן, איז ניט געווען פאַר מיר קיין אַנדער אויפן ווי אַזוי דיר צו קענען ראַטעווען.

**כאָסע** — וואָלט איך כאָטש געזען, אַז די דאָזיקע שענדליכע פאַסירונג, האָט דיר פאַר יעסורים עלטער געמאַכט. ביזטו פון פאַרצווייפלונג קראַנק געוואָרן. פון דיין שאַנד ביזטו געוואָרן ווי איך פון מיין שאַנד און פיין. נאָך אַזאַ טאַט, האָט דיר געדאַרפט פינצטער ווערן אין די אויגן ווען דו גייסט צו צום שפּיגל. בלוט וואָלט געדאַרפט רינען פון דיינע אויגן. אַוואו איז דיין פאַרצווייפלונג? אַוואו איז דער שטעמפּל פון אַ מאַרטירער אין דיינע אויגן? באַ דיר איז פאַרעכנט, גלייך ווי גאָרניט וואָלט מיט דיר געשען. און געשען איז דאָך מיט דיר פיל ערגערס ווי מיט מיר. מאַריא, פיל ערגערס, מאַריאַ!

**מאַריאַ** — ס'איז ניט געווען קיין אַנדער וועג. אַ פרוי איז גרינגער זיך לאָזן שענדן ווי אַ מאַן!

**כאָסע** — ניט נאָר גרינגער נאָר טאַקי גאָר גרינג...

**מאַריאַ** — רעדסט ווי אַ קליינבירגער. ווי אַ באַוואוסטזיניקער קליינבירגער. מער וויל איך ניט זאָגן.

**כאָסע** — דער דאָזיקער עמעס איז פאַר אַלע מענער פון דער וועלט דער זעלבער. אַ געאייניקטער. פאַרוואָס זאָלסטו ניט וועלן זיין אויפריכטיק? האָסטו מיט מיר דען כאָסענע געהאַט דערפאַר, ווייל איך בין געווען אַ קאָמוניסט? ניין. דער פריערדיקער, מיט וועמען דו ביזט פאַר אונדזער כאַסענע ארומגעגאַנגען, איז דאָך געווען אַ פאַשיסט! וואָלט איך דיר ניט געווען מער געפעלן פאַר יענעם, וואָלסטו גאַנץ גוט, גאַנץ שיין, מיט יענעם כאַסענע געהאַט. נו, אַ שטייגער, איך זאָל ווערן היינט צו טאָג אַ פאַשיסט וועסטו זיך דערפאַר מיט מיר צעגייין? זיכער ניט. אָט זעהסטו שוין ווי פאַרשידן מיר זיינען. און אָט טאַקי דאַ, ווען איך קום צו צו דעם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם פראַגעצייכן, פרעג איך זיך ווידער אַמאָל: האָסטו טאַקי קיין שום אידעיִשן גלויבן? פאַשעטער גערעדט: קיין שום אינהאַלט אין פינצטערן לעבן אונזערן? איך פרעג שוין ניט וועלכן.

**מאַריאַ** — פאַרוואָס האָסטו זיך, און מיר, די זעלבע פראַגן ניט געשטעלט פריער?

**כאָסע** — דאָס איז ניט וויכטיק. איצט שטעל איך זיך די פראַגע ווייל איך וויל דערגייין דעם אויסגעלאָסענעם סאָד, וואָס דיר האָט געטריבן מיך צו ראַטעווען אַף אַזאַ אויפן.

**מאַריאַ** — ווייל איך וויל לעבן ווי דו, ווייל איך האָב דיר ליב.

**כאָסע** — דאָס דאָזיקע וואָרט איז מיר אַזוי איבלדיק!

**מאַריאַ** — פאַרוואָס איז דיר ניט געווען איבלדיק דאָס דאָזיקע וואָרט פאַר

אונזער צוזאַמענלעבן? סיידן, דו ווילסט בעקיוון פאַרלייקענען דיין זי־קאָרן. אָדער דו האָסט אים אין טורמע, אונטער די קלעפּ און שמיץ פאַר־לאָרן. אָבער ניין. געדיינקסט אַלעס זייער גוט. ביזטו דען פאַר דער כאַ־סענע ניט געווען דער זעלבער פאַרטיי־מענטש? האָסטו דען ניט געהאַט פאַר זיך אַליין קלאָר דיין אידייאישן צוגאַנג צו זאַכן פאַראַנטוואָרטלע־כע ווי אַ שטייגער כאַסענע האָבן? אָדער צוזאַמענלעבן?

**כאָסע** — זי האָט עס געטון, ווייל זי האָט מיך ליב. פריער, האָסטו, זאָל זיין, מיך געקענט ליב האָבן. פריער האָב איך דיר געקענט גלויבן אַז דו האָסט מיך ליב געהאַט אָבער איצט? איצט איז שוין ניטאָ וואָס ליב צו האָבן מיך. איצט בין איך מיעס, קראַנק, אָרעם. איצט בין איך צעשמיסן באַליידיקט דורך און דורך.

**מאַריאַ** — יאָ, דו דרייסט זיך אַרויס פון צו געבן מיר אַ ריכטיקן ענטפער. וואָלסטו ניט געווען אין אַזאַ צושטאַנד, וואָלט איך מיט אַן אַנדער לאָשן צו דיר גערעדט. אָבער איך פאַרשטיי, איך צווינג מיך צו פאַרשטיין, אַז דאָס רעדט אין דיר דער באַאוולטער. דער דאַזיקער, וואָס האָט ניט אַף וועמען אויסצושפּייען זיין צאָרן, שפּייט ער אַף וועמען עס לאָזט זיך.

**כאָסע** — אויב שוין אַזוי, האָט פון דיר אויך דער דאַזיקער, דער באַשפּיגע־נער געדאַרפט אַרויסריידן?!

**מאַריאַ** — (שרייט מיט טרערן) פון וואַנען ווייסטו אַז מיין האַרץ איז ניט פול מיט קלאָג, מיט פּראָטעסט, וואָס די בושע פון יענעם טאָג האָט מיר געבראַכט און פאַרסאַמט? האָב איך דען ניט געוואוסט, אַז צוזאַמען מיט מיינע קליידער פאַלט אויך אַראָפּ דער סאָף פון מיין פרייד און רו? איך האָב עס געטון, קעדיי איך זאָל דערפילן ווי דו, דעם פאַרהווילענעם גע־שריי פון די אַלע וואָס ווערן געטראָטן און געטראָטן. הערן אין זיך זייער געשריי פּונקט ווי דו הערסט און העלפן אויסגעלייזט ווערן! (ביידע פאַלן צו אַן ווערטער איינער צום אַנדערן, און ווערן ווי פאַרגליווערט.

(עס דערהערט זיך דאָס שפּילן אַף פּיאַנאָ דעם אַרגענטינער הימן).

**כאָסע** — (דערלייכטערט, רואיקער) אָט, הערן מיר אומדערוואַרטעט דעם אַרגענטינער הימן. דעם הימן פון פרייהייט. דאָס שיקט אונדזער באַ־לעבאָס די רירנדע ווערטער דירעקט צו מיר: פרייהייט, פרייהייט, פריי־הייט! דריי מאָל פרייהייט מיט איין מאָל. אוריבורו צי וואָר, צי דער, דער פאָטער פון אונדזער לאַנד, און דעם הימן פון באַפרייאונג אונדזער גע־זאַנג. קען זיין שענער, מאַריאַ?! און זאָל דער אַרגענטינער בירגער פּרוואָון ניט מאַסקים זיין! זיך ניט אויפשטעלן ביים זינגען פון הימן! ניט ציען דעם הוט! און איך וועל אָכוץ דאָס אַלץ, אויך אַראָפּציען מיין העמד פון לייב. (ציט אַראָפּ) זאָלן די קלאַנגען פאַלן אַף מיין לייב וואו עס ליגן נאָך די שוואַרצע צייכנס פון די גומענע שטעקענעס. זאָל מען זען, אַז כאַסע דער מויעדער, איז מער ווי אַן אַרגענטינער ביר־גער! זינג איצט מיט מיר מאַריאַ. העלף מיר זינגען דעם אַרגענטינער הימן: (זיי זינגען)

הערט איר שטערבלעכע, דעם געשריי, דעם הייליקן:
פרייהייט, פרייהייט, פרייהייט!
הערט דעם גערויש פון צעריסענע קייטן, הערט!
(לייגט זיין האַנט אַף איר מויל און זינגט אַליין)
הערט דעם גערויש פון די שמיץ מיט די קייטן:
פרייהייט, פרייהייט, פרייהייט!

(פאָרהאַנג פאַלט)

# דאָס גאָלדענע בעט

**(איינאַקטער)**

—— פ ע ר ז א נ ע ן : ——

אַן אַלטינקער
אַן אַלטינקע
איסאַק, זייער זון
סאַרא, זיין פרוי
קלאָטילדע, זייער מיידעלע פון א יאָר אכט
ראול, זייער אינגעלע פון א יאָר זעקס
א דינסט, א שווארצע שיקסל.

ד י  ב י נ ע :

די בינע שטעלט פאָר צוויי צימערן. רעכטס, ערשטער צימער: א שאַפע מיט שפּיגלען, א טיש, שטולן, אַ קרעדענץ, א. א.וו. דער צווייטער צימער, אַ שלאָף־צימער פאַר טאַטע־מאַמע: אַ בראָנזענע בעט, אַ נאַכט־טישעלע א. אַ. וו.

ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, זיצן קלאָטילדע מיט ראולן אַף דרערד אין ערשטן צימער און שפּילן זיך. באַלד הויבן זיי אָן זיך צו קריגן און צו שלאָגן. די דינסטל לויפט אַריין מיטן פלעדערוויש און וויל זיי צונעמען, דערהערן זיך טריט. אַלע דריי בלייבן שטיין קעגן טיר און ווי זיי דערזעען אַריינקומען דאָס אַלטע פאָר־פאָלק מיט טאַטע מאַמען, אַזוי, גלייך, צעלויפן זיי זיך. די דינסטל לויפט אַרויס און די קינדער אונטערן טיש. אין שלאָף צימער איז פינצטער.

**דער אַלטער** — (א זאָקן, אַן אַלט מאָדישער איד) אַ דאָס אַליין באַוואוינסטו? (ווייזט אַף אַלעם מיטן שטעקן).

**איסאַק** (א מענטש פון א יאָר דרייסיק, א גוטמוטיקער, רופט די קינדער) — קלאָטילדע! ראול! וואָס האָט איר זיך באַהאַלטן, גיט אַ קוק, דער זיידע איז דאָך געקומען מיט דער באָבען! גייט אַרויס פון אונטערן טיש!

**די אַלטע** (אַן איבערגעבויגענע, פאַרקוקט דער שנור אין די אויגן) — וואו זיינען דיינע קינדערלעך?

**סאַראַ** (א שיינע, יונגע פרוי) אונטערן טיש, זיי ווילן נים אַרויסגיין.

**די אַלטע** — כ'הער נים!

**סאַראַ** — אונטערן טיש!

**אַלטע** (צום זון) — פאַרוואָס ליגן זיי עפּעס אונטערן טיש, האַ?!

**איסאַק** — זיי זאָגן, זיי האָבן מורא פאַרן טאַטן.

**אַלטע** — (צוקאָכט) וואָס? (צום אַלטן) גיב נאָר מיר דעם שטעקן!

(אַלע פיר נעמען זיך צו די קינדערלעך, אָבער זיי ליגן ביידע אַרומגענומען און קוויטשען און ווילן נים אַרויסגיין)

**אַלטער** — (צום אינגל מיט גוטן) קום אַרויס, כ'האָב דיר דאָך געבראַכט אַ מאַטאָנע. (נעמט אַרויס פון די קעשענעס אַ האַרמאָניקל און שפּילט).

**סאַראַ** — דו זעהסט וואָס דער זיידע האָט דיר געבראַכט?

**איסאַק** — זאָלן זיי ליגן. זיי וועלן שפּעטער אַרויסגיין.

**אַלטע** —· ניין! זאָלן זיי שוין אַרויסגיין! (פּאַרעט זיי מיטן שטעקן) וואָס הייסט זיי האָבן מוירע פאַרן זיידן, האַ?! אַוואו איז דאָס געהערט געוואָרן? (די קינדער קווויטשען) וויפל זיידעס האָבן זיי עס מיט באָבעס? (צום האַלטן) פּייוול, נעם דעם פּאָס צו זיי! (שלעפּט אַרויס קלאָטילדען, אַ וויינענדיקע) גיב נאָר אַ קוק פּייוול, ס'איז דאָך אַ שטיק בריליאַנט! אָ, אַלע גליקן אַף איר! אַ פּאָנים — מאַמע מיינע. — גיב נאָר אַ קוק פּייוול, ווי די זיבן זונען!

**אַלטער** — (אַרויסשלעפּנדיק מיטן שטעקן דעם אינגל) און דו שייגעץ, צו מיר! (די דינסטל, שטעקט אין טיר אַריין דעם קאָפּ, צעלאַכט זיך און אַנטלויפט) וואָס קענסטו שוין, האַ? (איסאַק מיט סאַראַן גרייטן דעם טיש)

**אַלטע** — (גלעט קלאָטילדען) האָלד, האָלד מיין קינד. מיר פּאַר דיין קעפּעלע, מיר פּאַר דיינע אויגעלעך, פּאַר דיינע פיסעלעך, פּאַר דיינע הענטעלעך. דאָס לעבן זאָל דיר שיינען ווי אין טאַמוז די זון. אוי, אַ אויצער! אוי, אַ לעבן! (פּאַרגייט זיך).

**אַלטער** — (האַלט דעם אינגל אַף די הענט) שייגעץ דו! גיב אַ קוק אַפן זיידן! (דער אינגל גיט אַ קוק אַף אים און צעוויינט זיך) זאָלסט ניט וויינען, כ'וועל דיר שמייסן! כ'האָב דאָך דיר געבראַכט אַ האַרמאָניקל. (שפּילט, דאָס קינד אויבט אָן צו לאַכן) אַ געזונט אויף דיין קעפּעלע (קושט אים, פרייט זיך) אַ לעבן אַף דיר. כ'האָב גאָר ניט געוואוסט וואָס פּאַראַ בריליאַנטן איך פּאַרמאָג אַף דער וועלט. כ'האָב גאָרניט געוואוסט. כ'האָב גאָרניט פּאַרשטאַנען מיין גליק, מיין פּאַרמעגן, מיין... (צעוויינט זיך און דאָס אינגעלע שפּילט אַפן האַרמאָניקל).

(סאַראַ מיט איסאַקן זענען אַרויס)

**אַלטע** — ס'איז גאָר ניט קיין קינד, ס'איז גאָלד מיט אוירעס! אַי מאַמע מיינע, טאַטע פּאָטער אין הימל, אַלע גוטע מאַזאָלעס פּאַר איר (האַלט איר אַפן שויס) אַי, ווען כ'וואָלט ניט געווען קיין צעבראָכענער שאַרבן, וואָלט דאָך מיר איצט געווען גוט. ס'האַרץ האָט מיר געצויגן אַהער שוין מיט יאָרן צוריק. שוין מיט יאָרן צוריק האָב איך זיך געבעטן: פּייוול! פּייוול! לאָמיר פּאָרן צו די קינדער! לאָמיר פּאָרן צו די אייניקלעך! אייניקלעך! כ'האָב זיך ביי אים געבעטן.

**אַלטער** — (פּאַרוויינט) עפּעס אַ בייזע שאָ האָט מיך אַלץ אָפּגערעדט. דאָס האַרץ האָט מיר ניט געלאָזט פּאָרן אַהער, גיי, וויים. גיי, וויים!

**אַלטע** — זאָג איך: מיר האָבן דאָך בריליאַנטן אַף דער וועלט טאָ לאָמיר פּאָרן זיי אויפזוכן. אַ כאַיע שאָ איז דאָך אויך גוט. זאָג איך: מיר זענען דאָך ניט קיין עלנטע שטיינער אַף דער וועלט טאָ לאָמיר פּאָרן, פּייוול, אין עק וועלט, אַבי אונזער אויצער צו געפינען. עפּעס האָב איך דאָך בלוט פּאַרגאָסן! מיין אייזיקל איז מיר דען אַראָפּגעפאַלן פונעם דאָך צו פונעם הימל? (צעבליפּעט זיך)

(איסאַק מיט סאַראַן אַריינקומענדיק, דערזעענדיק ווי זיי וויינען, אויבן זיי אָן צו שרייען)

**איסאַק** — (צו דער מאַמען) וואָס איז דאָס? ביזט דאָ אַראָפּגעקומען וויינען נאָר? (נעמט צו פון איר שוים קלאָטילדען)

**סאַראַ** — (צום אַלטן) איך קען דאָס ניט הערן. עס גרילצט אין די אויערן. הערט אויף, פע, עס איז ניט שיין.

(דער אַלטער פּאַרלירט זיך און ווישט אויס די אויגן)

**איסאַק** — צום טיש! גיכער, זעצט זיך. (צום טאַטן) ס'איז דאָ אַ ביסעלע גוטער וויין. דו קענסט נאָך טרינקען? דו קענסט נאָך? (קלאַפּט אים אין דער פּלייצע) מיינסט איך גדיינק ניט ווי דו פּלעגסט אַמאָל אַריינקערן איינס נאָכ'ן אַנדערן.

**אַלטער** — אַי, מיין זון, כ'האָב שוין לאַנג פאַרגעסן אין דעם.

**איסאַק** — זעץ זיך. קלאָטילדע, דו גיי צו דער באַבען און דו ראָול צום זיידן. דער זיידע האָט דאָך דיר געבראַכט אַ מאַטאַנע. ער שווייגט. אַזוי, צוטראָגט ער די שטוב אָף שטיקער און איצט איז ער שטום. רעד צום זיידן. אַזוי, קען ער דאָך מיינען אַז דו ביזט אַ שטומער, ראָול.

**אַלטער** — אַזוי רופסטו אים? ווי, ריעל?

**אַלטע** — איר נאָמען געפעלט מיר עפּעס אויך ניט. (צום זון) ווי רופסטו איר?

**איסאַק** — קלאָטילדע הייסט זי, פאַרוואָס, ס'איז אַ מיעסער נאָמען?

**אַלטע** — אַסער אויב איך וועל זי אַזוי רופן! מען הערט עס גאָרניט ביי לייטן.

**איסאַק** — טאָ ווער הייסט דיר דען זי רופן קלאָטילדע, קענסט זי רופן, קיילע.

**אַלטער** — און איך וועל אים טאַקע רופן ריעל, ריעל! עס פּאַסט זיך טאַקע פאַר דעם שייגעץ דער נאָמען, קום, זעץ זיך לעבן מיר, ריעל!

**אַלטע** — (צום אַלטן) האָסט שוין געהערט מען זאָל עמיצן רופן ריעל?

**אַלטער** — איז אָטאָ הער איך. ריעל! (דרייט זיך מיט אים)

ריעל! דרייט זיך מיטן זיידן שנעל.
און אַ האָז האָט אויך אַ פעל.
און אַ מייזל האָט ליב מעל.
און אַן איי איז ווייס און געל.
און אַ פּישל עסט אַ קרעל
קרעל
געל
מעל
פעל
שנעל!

**איסאַק** — נו, גענוג. לאָמיר שוין עפּעס נעמען אין מויל אַריין. (זיי צוזעצן זיך)

**אַלטער** — (קרעכצט) עס טאַנצט זיך מיר שוין ניט אייזיקל. אַמאָל, אַמאָל, אַמאָל.

**איסאַק** — (גיסט אַן אַלעמען גלעזלעך)

**אַלטע** — ס'איז ביטער. אויב ביטער וויל איך אַפילו ניט הערן.

**איסאַק** — ס'איז דאָ זיסע אויך. (גיסט איר אַן זיסע)

**סאַראַ** — (צו דער אַלטער) שוויגער, טוט אויס אַ פּאָר קליידער וועט אייך זיין בעסער צו זיצן. ס'איז דען קאַלט? צי וואָס דאַרפט איר טראָגן אַזוי-פיל קליידער אָף זיך?

**אַלטער** — זאָל דיר ניט אַרן. מיינסט מיין קינד, אַז איך בין אין דיין עלטער? איך דאַרף נאָך האָבן מער.

**סאַראַ** — אין בעט שלאָפט איר אויך מיט די קליידער?

**אַלטע** — דאָס ניט, טאַכטער. אין בעט טראָג איך נאָר דאָס העמד.

**איסאַק** — נו, וואָס רעדט מען נאַרישקייטן? לעכאַיעם טאַטע-מאַמע! זאָל אייך גאָט געבן געזונט. נאָר געזונט, וויל מיט פאַרנאָסע זענט איר שוין פאַרזאָרגט. אַוואו איז דער גראַמאָפאָן? סאַראַ! הייס דער דינסט זי זאָל אים ברייגנען. זאָל מען עפּעס שפּילן. (סאַראַ גייט אַרויס) זאָל זיין פריילעך.

איינמאָל פאַר אַזויפיל יאָרן אַז כ'האָב געזען טאַטע-מאַמע, טאָ דאַרף מען זיין פריילעך. טאָ דאַרף מען שפּילן. טאָ, דאַרף מען טאַנצן. דאַרף מען זינגען. לעכאַיעם טאַטע מאַמע. טרינקט. (טרינקען)

**סאַראַ** — (ברייגגט דעם גראַמאָפאָן) זאָלן זיי הערן אַ טאַנגאָ, איסאַק.

**איסאַק** — אַ טאַנגאָ איז פאַר דיר, ניט פאַר זיי. פאַר זיי דאַרף מען אויפשפּילן עפּעס אַ ווייך שטיקעלע. אַ וואַרימס, אַ היימיש שטיקעלע. טאַטע, מאַמע, הערט! דאָס זינגט יאָסעלע ראָזענבלאַט. (קלאָטילדע גאַנוועט זיך צו צו דער באַבען, און רייסט אַראָפּ דעם שייטל ביי איר פון קאָפּ. די אַלטע מאַכט אַ געוואַלד, און הויבט זי אָן צו שלאָגן איבער די הענט).

**סאַראַ** — (מיט צאָרן לויפט צו צו דער אַלטער) וואָס שלאָגט איר זי אַזוי? (צו איסאַקן) ווי געפעלט דיר די אַלטע? זעהסט הענטלעך האָט זי איר געמאַכט? (קלאָטילדע וויינט)

**אַלטער** — לאָזט הערן!

**אַלטע** — (שפּרינגט צו צו סאַראַן קלאַפּנדיק מיטן פוס) שווייג! גויע איינע! איך זעה שוין וועמען מיין איסאַק האָט גענומען.

**איסאַק** — (פאַרמאַכט איר דאָס מויל) שווייג! קיינער בעט דיך ניטריידן.

**אַלטע** — (שטופּט אים פון זיך) צו מיינע סאָנימס קעפּ! הייס איר שווייגן!

**אַלטער** — מען הערט דאָך גאָרניט! ער דאַוונט דאָך עפּעס!

**סאַראַ** — (איינשטילנדיק קלאָטילדען) נאָ דיר! דאָס קינד האָט איר סייכל! זי זעט אַז זי טראָגט עפּעס, ווי אַ קוגל אָפן קאָפּ, האָט זי עס אַראָפּגענומען איר סייכל האָט זי!

**אַלטע** — וועל איך זי לערנען. זי איז מיין קינד אַזוי ווי זיינע! איך בין דיר אַ מאַמע, דערעכערעץ!

**סאַראַ** — (צו איסאַקן) ווי געפעלט דיר דיין קליפּע! דו הערסט ווי זי שרייט אָף מיר?

(איסאַק נעמט אַוועק די אַלטע, און דער אַלטער זעצט זיך אַוועק לעבן סאַראַן. (אַלע שווייגן אָנגעכמורעט).

**איסאַק** — (אָנשטעלנדיק דעם גראַמאָפאָן מיט אַ צווייט כאַזאָניש שטיקל) (צי קלאָטילדען) אַלץ צוליב איר! איך וועל דיר שוין געבן, וואַרט! דאָס איז אַ הייליקע זאַך וואָס די באָבע טראָגט אָפן קאָפּ, באַדאַרף מען עס ניט טשעפּען! עס באַדאַרף ליגן!

**אַלטער** — לאָז שוין זיין גענוג. לאָז שוין הערן! דו ביזט בעסער דען?

**איסאַק** — וועסט נאָך הערן, וועסט נאָך הערן. כ'וועל עס אַריינשטעלן ביי דיר אין צימער וועסטו קענען הערן אַ גאַנצע נאַכט.

**סאַראַ** — שוין! ער'ט שוין שפּילן אַ גאַנצע נאַכט! אַ גוטע אייצע גיט ער אים. דער טאָג וועט זיין ווייניק באַדאַרף ער מיר נאָך שפּילן די נאַכט.

**אַלטע** — (צום זון) זעסט, וואָס זי איז? זי פאַרגינט שוין ניט טאָמער וועל איך וועלן הערן אַ שטיקעלע דאַווענען. עס קאָסט איר טייער טאָמער די מאַשין סקריפּעט!.. זעהסט שוין וואָס זי איז! האַ, בין איך גערעכט?!

**איסאַק** — שאַ! דאָס קאָסט גאָרניט, וועסט קענען שפּילן צו סקריפּען וויפל דו ווילסט.

**סאַראַ** — (צו איסאַקן) אַזוי מיינסטו! ווי דו זעהסט, וואַרף איך עס שוין אַרויס דורכן פענצטער! (כאַפּט וואַרפן דעם שפּילנדיקן גראַמאָפאָן)

**אַלטער** — (לאָזט ניט) וואָס טוסטו? דער געהענעם וועט דאָך דיר זיין ווייניק! ער האַלט דאָך אין מיטן דאַווענען!

**איסאַק** — (צום טאַטן) איך בעט אייך זיין שטיל. (באַרואיקט זיי) האָסט דאָך

מיר שוין באַלד געמאַכט אַ געהעניעם אין שטוב!
**אַלטער** — (צו דער אַלטער) הערסט?
(אַלע שווייגן אַ ווײַלע)
**איסאַק** — (צו קלאָטילדען מיטן פינגער) אַ'ליץ צוליב איר. איך וועל דיר שוין געבן, ווארם.
**אַלטער**—(צו דער אַלטער) הער, ווי־זים! ער זינגט דאָרטן, אַ מעכאַיע! (נעמענדיק דעם אינגל אָף די הענט) זעהסטו, דאָס קינד איז אַ גאָלד. שטיל ווי אַ טייבעלע, ריעל! ריעל! וואָס קענסטו שוין, האַ?
**איסאַק** — (צו טאַטע מאַמע) וואָס עסט איר נים?
**אַלטער** — (נעמט עסן) איך בין גאָרנישט הונגעריק.
**אַלטע** — איך בין שוין זאַט.
**איסאַק** — עס, עס, מאַך נים קיין רוינעז.
**אַלטער** — (צו דער אַלטער) עס! וועסט עמיצן אויסטראַשען?
**איסאַק** — איך בעט דיך, עס!
**אַלטע** — איך וויל נים און שוין.
**איסאַק** — עס וויפל ס'נים איז. ס'איז דאָך מיר אַ פאַרדרוס! ביזט נאָר וואָס אַראָפּגעקומען פון דער שיף און דו הויבסט שוין אָן.
**אַלטע** — (נעמט עסן) וואָלסטו עפּענען אַביסל די טיר. ס'איז אַזאַ דערשטיקעניש.
**איסאַק** — (צו קלאָטילדען) גיי מאַך אויף אַביסל די טיר.
**סאַראַ** — (צו קלאָטילדען) גיי נים. איך וויל נים. דאָס קינד וועט זיך מיר צוקילן. (צו דער אַלטער) ס'איז אַ ליגן. ביי מיר אין שטוב איז נים קיין דערשטיקעניש.
**אַלטע** — אַבי מיר פאַרעט דאָס לייב.
**סאַראַ** — זי טראָגט עפּשער פערציק קליידער אָף זיך און וויל אַז איר זאָל נים פאַרען דאָס לייב.
**אַלטע** — זאָל דיר נים אַרן וויפל קליידער איך טראָג. צייל בעסער דיינע ציין נים מיינע קליידער.
**סאַראַ** — (צו איסאַקן) הערסט? זאָג, דיר איז היים?
**אַלטע** — אָבער ביי מיין זון אין שטוב האָב איך דאָך די פּראַווע צו עפענען די טיר — צו נים?
**איסאַק** — עס, מאַמע.
**אַלטע** — מען קען עס דען עסן וואָס דו האָסט מיר געגעבן? ס'איז דאָך אָפּן כאַזיר אַרויף צו וואַרפן!
**איסאַק** — אָט, זעהסטו, דער טאַטע עסט און שאַ, שטיל.
**אַלטע** — ווער האָט עס געקאָכט?
**איסאַק** — וואָס הייסט, סאַראַ אַליין האָט עס געקאָכט.
**אַלטע** — אָ! כ'האָב עס געוואוסט!
**סאַראַ** — צום גליק האָב איך עס גאָר היינט נים געקאָכט: כ'האָב באַדאַרפט פאָרן צו דער שיף האָט עס גאָר די דינסט אָפּגעקאָכט.
**אַלטער** — ס'איז גאַנץ גוט.
**איסאַק** — (צו דער אַלטער) פאַרוואָס דאָס געפעלט דיר נים, ווייס איך נים. (עסט)
**אַלטע** — נים שלעכט, אַז מען עסט זיך איין, איז עס גאַנץ גוט. אַ דינסט זאָל נים קענען קאָכן?
**סאַראַ** — (צו איסאַקן) פאַרשטייסט שוין? באַהיט זאָל מען ווערן!
**אַלטע** — איך געפעל נים ווייזט אוים דיין ווייב, האַ?

**סאַראַ** — איך מוז זיך גיין לייגן: עס טוט מיר ווי דער קאָפּ. (גייט ארויס)
**איסאַק** — פאַרשטערסט מיר דעם טיש!
**אַלטע** — זאָל זי גיין. דעם עמעס זאָגנדיק געפעלט זי מיר ניט. האָסט די עמע־סע צאָרע געקריגן, וואָס אַרט דיר.
**איסאַק** — צו וואָס דאַרפסטו מיר מאַכן שווער דאָס האַרץ? ס'איז דאָך שוין פאַרפאַלן.
**אַלטע** — וואָס הייסט פאַרפאַלן? ביי מיר ט'ניט זיין פאַרפאַלן. איך האָב צוויי מענער געמעגט געטן? וואָס, האָסט עס אָפּגעשניטן פון שטיק?
**איסאַק** — רעד ניט קיין נאַרישקייטן, זי איז אַ גוטע, אַ הערלעכע אידישע טאָכטער. זי איז גוט צו מיר און צו די קינדער. צו דיר מיטן טאַטן וועט זי אויך זיין גוט. איר זאָלט נאָר אַזוי זיין גוט צו איר.
**אַלטע** — אויב זי וועט זיך פירן ווי גאָט האָט געבאָטן, וועל איך זיין גוט צו איר.
**איסאַק** — וואָס באַ דיר קען הייסן ווי גאָט האָט געבאָטן.
**אַלטער** — זעה ווי דאָס קינד קושט מיר?
**אַלטע** — דאָס אינגל איז אַ גאָלד. דאָס מיידל איז אַ מאַרשאַס, געראָטן אין איר. דאָס אינגל איז אַף אַ האָר ניט געראָטן אין איר.
(דער אַלטער נעמט ארום דעם אינגל און דרייט זיך מיט אים. דער גראַמאָפאָן שפּילט איצט אַ טאַנגאָ)
**אַלטער** —
(די אַלטע מיט איסאַקן פּאַטשן צו מיט די הענט)

ריעל! דרייט זיך מיטן זיידן שנעל
און אַ האָז האָט אויך אַ פעל
און דאָס מייזל האָט ליב מעל
און אַן איי איז וויים און געל
און אַ פישל עסט אַ קרעל
קרעל
געל
מעל
פעל
שנעל

(דער אַלטער נעמט דאָס אינגל ארויף אַף די אָרעמס. ס'אינגל טוט אים אַ כאַפּ פאַר דער באָרד)
**אַלטער** — (געבנדיק אַ געשריי פון ווייטיק) ניטאָ! ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן! האָסט דאָך מיר געקענט אַראָפּרייסן די באָרד מיטן פּאָנים מיט אַלעמען!
(פּאַטשט דעם אינגל איבער די הענטלעך און דאָס אינגל וויינט)
**אַלטע** — כ'האָב דיר געזאָגט אַז דו זאָלסט זיך ניט צולאָזן צו אים.
**אַלטער** — ווען האָסטו מיר געזאָגט?
**אַלטע** — כ'האָב דיר געזאָגט. האָסט ניט געהערט.
**אַלטער** — ווען האָסטו מיר געזאָגט?
(דער אינגל וויינט)
**אַלטע** — נו, אַז איך האָב דיר ניט געזאָגט האָסטו עס ניט באַדאַרפט וויסן?
**איסאַק** — (צום אינגל) גוט אַזוי. פאַרוואָס האָסטו געריסן דעם זיידן די באָרד.
(סאַרא קומט אריין אַ האַלב אויסגעטועטע מיט צעטרייסלטע האָר)
**סאַראַ** — (צום אינגל) ווער האָט דיר געשלאָגן זאָג מיר?
**ראַול** — (וויינענדיק) איך וויל די באָרד.
**סאַראַ** — אָבער ווער האָט דיר געשלאָגן?

**ראָזל** — (ווייזט אָפּ זיידן) איך וויל די באָרד. (ווײנט נאָך שטאַרקער) זאָל ער מיר געבן די באָרד.
**אַלטער** — וואָס הייסט איך וועל דיר געבן די באָרד!
**ראָזל** — איך וויל די באָרד.
**סאַראַ** — זאָל ער אונטערהאַלטן אַביסל די באָרד. וואָס איז, ס׳וועט עפּעס אָפּקומען פון איר?
**אַלטע** — מאַמעלעך מיינע, כ׳וועל עס גאָרניט אַריבערטראָגן.
**איסאַק** — (צום טאַטן) לאָז אים שוין אונטערהאַלטן אַביסל די באָרד.
**אַלטער** — ער וויל זי דאָך האָבן אין גאַנצן. ער וויל דאָך איך זאָל זי אים אַוועקגעבן. זאָל איך אָראָפּשניידן די באָרד און אים זי אַוועקגעבן?
**אַלטע** — אוי, מאַמעלעך מיינע, כ׳וועל עס גאָרניט אַריבערטראָגן.
**סאַראַ** — לאָזט אים נאָר צוהאַלטן אַביסל. ס׳וועט אים ווערן נימעס, וועט ער אָפּלאָזן.
**איסאַק** — אַ דייגע דיינע. לאָז אים שוין אונטערהאַלטן. ער וועט דאָך אַזוי אָפּוויינען אַ גאַנצע נאַכט.
**אַלטער** — (אין מיטן שטוב) נאַ, נעם שוין די באָרד. (דאָס קינד נעמט אָן די באָרד, בלייבט שטיל און טוט אַ ריס)
**אַלטער** — ניטע, רייס ניט!
**אַלטע** — אוי, מאַמעלעך מיינע, כ׳וועל עס גאָרניט אַריבערטראָגן.
**איסאַק** — רייס ניט. גלעט זי, נאָר רייס ניט.
**סאַראַ** — רייס ניט, עס טוט וויי דעם זיידן. ס׳איז צוגעוואַקסן צום פּאָנים.
**קלאָטילדע** — פאַרוואָס איז ביי דער באָבען ניט צוגעוואַקסן?
**איסאַק** — ביי דער באָבען ניט, אָבער באַם זיידן איז צוגעוואַקסן.
**אַלטער** — (אָנגעבויגן) רייס ניט!
**סאַראַ** — עפּשער וועט שוין זיין גענוג מיטן גראַמאַפאָן.
**איסאַק** — עס קאָסט דיר געלט?
**אַלטע** — עס קאָסט איר זייער פּיל. זי האָט עס געבראַכט פון איר טאַטן.
**סאַראַ** — כ׳האָב עס געבראַכט פון טאַטן צוזאַמען מיט אייך.
**אַלטער** — רייס ניט. עס טוט וויי — וויי איז מיר. וויי איז דיין זיידן אויף די עלטערע יאָרן. (קלאָטילדע שפּילט אויפן האַרמאָניקל) די האָר זענען דאָך צוגעוואַקסן צום לייב און אַז דו טוסט אַ ריס, — רייס ניט!.. אַז דו טוסט אַ ריס, טוט וויי. וויי איז דיין זיידן אויף די עלטערע יאָרן.
**איסאַק** — (צום אינגל) זאָל שוין זיין גענוג פאַר היינט. מאָרגן וועסטו ווייטער אונטערהאַלטן.
**אַלטער** — רייס ניט! זאָל דיך רייסן!
**אַלטע** — מאַמעלעך מיינע. כ׳וועל עס גאָרניט אַריבערטראָגן. (אינגל לאָזט אָפּ די באָרד)
**סאַראַ** — כ׳האָב אייך געזאָגט אַז דאָס וועט אים גיך נימעס ווערן.
**אַלטער** — וואָלט ער ניט געריסן.
**איסאַק** — רייסן באַדאַרף ער ניט.
**סאַראַ** — ראָזל רייסט! קענסט זיך פאָרשטעלן זיין רייסן. ראָזל האָט קויעך צו רייסן!
**אַלטער** — אַי טוט ער אַ ריס, אַז עס פאַרגייט אַזש אונטערן האַרצן.
**סאַראַ** (צו דער אַלטער) — נו, איר זענט דאָך מיד, טאַ גייט זיך אויסרוען. איסאַק, פיר זיי אַריין אין זייער צימער, און דו קום שוין אויך שלאָפן. שוין צייט, ס׳איז שוין שפּעט.
**איסאַק** — קומט טאַטע ט׳איר זיך אויסרוען. זי איז געריכט.

(ער פירט זיי אריין אין צווייטן צימער. צינדט אָן דאָס גרינע לעמפּל אפן קליין טישעלע. וויזט זיי ווי אזוי צו פארלעשן. צום אלטן)

דאָ וועסטו אַ קוועטש טון, וועט ווערן פינצטער און וועסטו נאָך אַמאָל אַ קוועטש טון, וועט ווערן ליכטיק. אַ גוטע נאַכט אייך.

**סאַראַ** — יאַ, אַ גוטע נאַכט.

(גייען ארויס פון דאָרט. גייען אריין אין קאָמעדאָר און מאכן פינצטער און גייען אוועק. די אלטע לייט דרייען זיך ארום אַ ווײַלע פארלאָרן הין און צוריק)

**אַלטע** — גיב אַ טאַפּ, אַ גאָלדענע בעט.

**אַלטער** — (פּאַוזע) ס׳איז ניט קיין גאָלד, ס׳איז בראָנז. (פארכמורעט) וואו איז די אַנדערע בעט?

**אַלטע** — אפן בוידעם!

**אַלטער** — אָבער טאַקע! וואו איז אַ צווייטע בעט?

**אַלטע** — זאָל איך אַזוי וויסן פון איר, פון דיין שנור! דאָס שטאַמט, מיסטאָמע פון איר קאָפּ.

**אַלטער** — אָבער עס דאַרף דאָך זיין נאָך אַ בעט.

**אַלטע** — עס דאַרף זיין. זעהסטו דען ניט אַז עס שטייט איין בעט?

**אַלטער** — (מיט צאָרן) וואָס הייסט איין בעט? וואו זיינען מיר, באַ גויאים? איז אים געוועזן צו טייער אריינצושטעלן צוויי בעטן האָט ער גענדאַרפט צושטעלן אַ שלאָף-באַנק. זאָל זיין אַ ברעט, וואָס הייסט ער שטעלט אוועק פאַר אונז איין בעט?

**אַלטע** — זעהסט דאָך טאַטע אין הימל: איין בעט האָט ער אַוועקגעשטעלט.

**אַלטער** — ער איז פון זינען אראָפּ?! (גייט צום טיר פון קאָמעדאָר, עפנט, זעט ס׳איז פינצטער, גייט ער צוריק) לייג זיך שלאָפן, וואָס דרייסטו זיך ארום?! (דערזעט אַ קנעפּל אף דער וואַנט גיט ער אַ קוועטש — עס קלינגט)

**אַלטע** — (צושראָקן) וואָס האָסטו געטון?

**אַלטער** — כ׳האָב גאָרניט געטון. כ׳האָב דאָס אָנגערירט.

(עס לויפט אריין דער זון אַ האַלב אויסגעטועטער)

**איסאַק** — דו האָסט עס געקלונגען? האָסט עפּעס באַדאַרפט?

(דער אַלטער קוקט אים אָן שאַרף, און ענטפערט ניט)

פאַרוואָס לייגט איר זיך ניט שלאָפן?

(דער אַלטער קוקט אים אָן, ענטפערט ניט)

איר זענט דאָך מיד פון וועג, לייגט זיך, וועט איר זיך אויסרוען. פאַר-וואָס לייגסטו זיך ניט?

**אַלטער** — (פארלאָרן) באַלד לייגן.

**איסאַק** — אַ גוטע נאַכט. (אָפּ)

**אַלטער** — (קוקט צו דער טיר)

**אַלטע** — אַלטער נאַר! אַז ער האָט דיך געפרעגט פאַרוואָס דו לייגסט זיך ניט, האָסטו אים באַדאַרפט פרעגן, וואו זאָלסטו זיך לייגן.

**אַלטער** — (טוט אַ מאַך מיט די הענט) ווי זאָל איך דאָס אים זאָגן? (פּאַוזע)

**אַלטע** — וואָסי, דאָס מויל איז דיר אָפּגעשטאָרבן? וואָס הייסט ער שטעלט אַוועק איין בעט?

**אַלטער** — געדיינקסט, כ׳האָב דיר געהאָט געזאָגט ניט איינמאָל, ניט איינ-מאָל דיר געהאָט געזאָגט, אַז עס רעדט מיר אָפּ דאָס הארץ צו פאָרן אַ הער, געדיינקסט? (די אַלטע וואַקלט זיך) לייג זיך, פאַרוואָס לייגסטו זיך ניט?

**אַלטע** — לייג זיך דו. אַי, מיך האָט אויך אָפּגערעדט ס׳הארץ.

**אַלטער** — לייג זיך, דו פאַלסט דאָך פון די פיס.

**אַלמע** — און וואו וועסטו זיך לייגן?
**אַלמער** — וואָס אַרט דיר, לייג זיך.
(די אַלמע אויבט אָן שלעפּן פון זיך איין קלייד נאָך דער אנדערער. טוט אויס א זעקס קליידער און בלייבט אין א ווייסער, לאַנגער העמד. בלייבט זיצן)
**אַלמער** — לייג זיך.
**אַלמע** — אַי, מיך האָט אויך אָפּגערעדט דאָס הארץ צו פאָרן אהער. (לייגט זיך)
**אַלמער** — (גייט ארום הין און צוריק. שפּארט זיך אָן אָן דער וואנט) נו?
(א פּאָר מינוט איז שטיל צווישן זיי)
**אַלמע** — (הויבט אויף דעם קאָפּ) פּיוזול? פּיוזול?
**אַלמער** — וואָס ווילסטו?
**אַלמע** — לייג זיך אריין צופוסן פּיוזול, פּאַרפאַלן, פּיוזול.
(דער אַלמער טוט זיך אויס פּאַמעלעך און מיט א זיפץ, לייגט ער זיך אריין צו־פוסן אין בעט).

(דער פאָרהאַנג פאַלט)



בערל גרינבערג

# צוויי דערציילונגען

## וועסט טאפן א וואנט

קיווע איז געבוירן געווארן אויפן זעלבן אויפן, ווי אלע מענטשן פון זיין גליכן. ער איז געקומען אף דער וועלט א נאקעטער און א וויינענדיקער. ער האט געמיאוקעט ווי א קעצעלע, וואס שלעכטע יונגען האבן אריינגעווארפן אין א רינשטאק. די אקר שערקע האט אים געבאדן אין א גרויסער בלעכענער שיסל, וואס כאטש מ'האט זי שוין אסאך מאל פארלייט האט פון איר דאך גערונען, ווי עס רינט פון סופיט, ווען די שכיינים פון א שטאק העכער וואשן די פאדלאגע. דאס מאל איז דאס לעכל אין דער שיסל גרעסער געווארן, האט מען דאס פארקלעפט מיט זייף. נאר דאס וואסער איז שנעל אויסגערונען, און איידער מ'האט קיווען רעכט אויסגעבאדן, איז שוין אין שיסל נישט געווען קיין טראפן וואסער. די גאנצע פאדלאגע איז געווען פארגאסן, אסאך וואסער האט אויסגערונען אין שטוב צו די שכיינעם פון אונטערשטן שטאק.

ערשט, אז די אקושערקע האט אים איינגעוויקלט אין א ליילעך, האט קיווע אויפגעהערט מיאוקען. זיין מאמע איז נאך אלץ געלעגן א בלאסע מיט פארגלאצטע אויגן און זי האט אומאויפהערלעך געקרעכצט.

אויף א ווײַלע איז געווארן א ביסל שטיל. פון דער פאדלאגע האט זיך געהויבן א לייכטע פארע אויסגעמישט מיט א ריח פון זייף. נאר באלד האט זיך די שטילקייט צעריסן. קיווע האט זיך ווידעראמאל אנגעהויבן צו מיאוקען. יעדע מינוט העכער און העכער, באלד האט ער זיך גאר צעשריען גארנישט ווי עפעס א נעפעש ,וואס איז נא־וואס געבוירן געווארן. ער האט געוואלדעוועט. ווי א זאך, וואס לעבט און איז שוין אלט ווי צען וועלטן. אין שטוב איז געווארן א גרויסער טומל, די געוווינערן האט זיך צעקרעכצט, צוגעטוליעט דאס קינד צו זיך, געפרואווט בארויקן, נאר קיווע איז נישט שטיל געווארן, זיינען אלע, די מאמע, דער טאטע, די אקושערקע און א שכיינע שטארק איבערראשט און דערשראקן געווארן. זייער שרעק האט דערגרייכט ביז פארצוויפלונג און מ'האט גערוועז גענומען נאכזוכן די סיבע פון קיוועס געוויין.

— דאס וויינט ער, מיסטאמע, ווייל ער ווייסט, אז אויף אונזער וועלטל פליען נישט קיין געבראטענע טייבעלעך אין מויל אריין...

האט די שכיינע, אן אויסגעדארטע פרוי מיט א מויל קרומע ציין, געזאגט צום פאטער מיט א פארקרומט שמייכעלע.

האט דער טאטע, וואס איז די גאנצע צייט געזעסן אין א ווינקל א שרעקלעך טרויעריקער, זיך שיר נישט צעכליפעט:

— איך האב מוירע, אז דעם קינד מוז עפעס זיין... מ'וואלט אים געדארפט איבערוויקלען — האט ער מיט בעטנדיקע אויגן געקוקט צו דער אקושערקע.

— דעם קינד איז גארנישט — האט זי זיך געברויגעזט.

— אבער עס צאפלט זיך דאך, איר הערט נישט?

איז זי געווארן אויף אן עמעסן שטארק בייז:

— וואס גייט אייך אן, אז ס'קוויטשעט, וואס איז אייער דייגע, איר ווייסט נאר צו... צו... — דער קאס האט איר דערווארגן די ווערטער. איר גראב צערויטלט פאנים האט זיך צעגלאנצט, און זי האט אנגעהויבן איינטיינען מיט דער קינפעטארן.

— זיי זאָלן זיך ניט שרעקן, ס'וועט אים גאָרניט זיין, מיר זאָל דאָס זיין... — האָט זי זיך געשוואוירן און נענוידערט מיט דער גאַמבע.

אבער קיווע האָט ווייטער געגוואַלדעוועט, געצאַפּלט און געדריגעט מיט די פיס־לעך.

האָט זיך שוין די אַקושערקע אויך דערשראָקן, זי האָט זיך אַ קראַץ געטון אין קאָפּ און זי האָט קיווען צוריק אויפגעוויקלט. דערזען, אַז דאָס ליילעך האָט רויטע בלוט־פלעקן, האָט זי אים שוין אַזאַ ציטערנדיקע באַקוקט אַלע זיינע גלידער און פּלוצלינג האָט זי מיט אַ פלינקער באַוועגונג אַרויסגעשלעפּט אַ בלאַנקענדיקע נאָדל, וואָס האָט געשטעקט אין קינדס אונטערשטן טייל קערפּער. און באַלד האָט זי זיך, אַ שוואַר־סאַפּענדיקע, אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן:

זייט מיר מוחל, די נאָדל איז נישט מיינע. כ'זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין שלעכטס...

קיוועס טאַטע אַט מוחל געווען, די מאַמע אויך, נאָר קיווע אַליין האָט נאָך אַלץ געגוואַלדעוועט און געדריגעט מיט די פיסלעך.

אַקוראַט אַ האַלב יאָר צייט האָט ער אַזוי געוויינט. יעדע רגע וואָס ער איז גע־וועזן וואַך האָט ער געיאָמערט און זיך געריסן דורך די נעכט ביז ער איז געבליבן אַ פאַרמאַטערטער, אַ שוואַר אָטעמדיקער, מיט פאַרגלאָצטע אויגלעך.

האָט זיין געוויין, צעמישט מיט זיין אָטעם, זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטוב און ווי אַ שוואַרצער נעפּל אַלץ מיט טרויער פאַרהילט. און קיוועס עלטערן זיינען ביי זיין וויגל געזעסן, ווי אַלטע פייגל אָף אַ קוימען אין אַ פראָסטיקן פאַרנאַכט; האָבן אַלע: פעטערס און מומעס, סטאַם גוטע פריינט זיך געבעטן, אַז קיווע זאָל וואָס שנעלער „אויפהערן צו מאַטערן מענטשן”, „אָפּדאַנקען און זאָגן אַ גוטן טאָג”... נאָר די מאַמע איז נאָך אַלץ געזעסן ביים וויגעלע פון איר קינד, געקוקט אין די אייגע־לעך מיט שרעקלעכער אימה און אָן אויפהער געפּלאַפּלט:

— איאַ, וועסט לעבן? איאַ, וועסט זיין געזונט? איאַ, וועסט ליב האָבן דיין מאַ־מען? איאַ, זונדעלע, אַ יאַ?

אַזוי האָט זי אָן אויפהער געפּלאַפּלט. אַמאָל אַזוי צאַרט מיט אַ זיס קאָל; און אַמאָל אַזוי בייז מיט באַפעלערישקייט, צי גאָר מיט אַ היסטעריש געלעכטערל. נאָר קיווע האָט נישט געענטפערט, געלעגן מיט פייכטע פאַרנעפּלטע אויגעלעך און געכאָרכלט מיטן האַלז.

נאָך אַזאַ טאָג, ווען מען האָט שוין געמיינט אַז אַט־אַט... — און דאָך האָט גאָר־ניט פּאַסירט, איז זיך צוגעפאַלן אַ שרעקלעך טרויעריקע נאַכט. דער טאַטע מיט דער מאַמע זענען פאַרמאַטערטע אַנדרימלט געוואָרן. נאָר דער זיידע, דער מאַמעס טאַטע, וואָס איז געקומען זיין אייניקל מבקר חולה זיין, איז געבליבן זיצן באַם אייניקלס וויגעלע אַ פאַרוויקלטער אין פיינלעכע מאַכשאַוועס.

וועגן אַסאַך, זייער אַסאַך זאַכן האָט דער אַלטער זיידע געטראַכט: און זיין רעכטע האַנט האָט אָן אויפהער געציפּט די אַמאָל בלאָנדע און איצט גרוי־ווייסע באָרד. איבערלעבענישן האָבן זיך אים אָן אויפהער געמישט אין קאָפּ, ווי בלעטער פון אַ בוך, וואָס אַ מענטש, מיסטאָמע אַ נאַר, האָט אָפּן מיסט אַרויסגעוואָרפן. שאַרכן די בלעטער פון ווינט געמישטע און יעדער בלאַט דערציילט עפּעס אַנדערש, זינגט פון זיך אַרויס אַזעלכעס, וואָס איז נישט ענלעך צום צווייטן בלאַט; און מיטאַמאָל מישן זיך אַלע בלעטער אויס, פון אַלע געשיכטעס ווערט עפּעס איין, זייער קליין מייר־סעלע און דערציילט זיך איצט אַליין:

ער, דער אַלטער, איז אַמאָל אויך געווען אַ קינד, איז דאָס קינד געוואַקסן, גע־וואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט דער מענטש אָנגעהויבן צו האָפן: וואָס עס איז אַוועק אַ יאָר האָט ער אַלץ מער געהאָפט. דערנאָך איז ער געוואָרן עלטער, אויפגע־

הערט צו האפן. און איצט?

איצט שפאנט ער, אן אלטער נעפעש, איבער רייכע הויפן און רייסט זיך דעם גארגל:

אלטוואַרג קויף איך!
שמאַטעס קויף איך!
שמאַ־טעס!

ער וואַרט שטענדיק עס זאל זיך צעעפענען א רייד מיט א קאלירטן טול פאר־האנגענעם פענסטער, ער וואַרט מען זאל אים רופן און פארקויפן א סאך זעק מיט שמאַטעס. ער כאלעמט שוין צענדליקער יארן וועגן שמאַטעס און פרייט זיך מיט זיינע שמאַטעוואַטע כאלוימעס. טפו!

דער זיידע האט זיך פלוצלינג געגעבן א כאַפּ, אט ווי א לייב וואס זיין באַצווינ־גער האט געגעבן א שנאל אין דער נאָז, איז דער ליוב, דער זיידע, געווארן צעבייצט, האט ער מיט פארביטערונג אנגעהויבן שטיל צו ריידן צום אייניקל, ווי עס וואָלט גע־ווען א דערוואַקסענער מענטש.

— זאלסט וויסן, אז אונזער וועלט איז א שמאַטעוואַטע! איך גיב נישט פאר איר קיין שמעק טאַבאַק, בנעמאַנעס!

ער איז אנטשוויגן געווארן. אנגעהויבן צו זוכן אין די קעשענעס פון זיין אפגע־בלאַקוועטער קאַפּאָטע, ארויסגענומען א שווארץ הילצערן טאַבאַק קעסטעלע, האט ער דאס פארזיכטיק געעפנט, גענומען מיט צוויי פינגער א ביסעלע טאַבאַק, האט ער זיך דאס אזוי פלעגמאַטיש געשטופּט אין די נאַז־לעכער, און באַלד האט ער זיך באַגעגנט מיטן אייניקלס בליק, וואס איז איצט געלעגן א וואַכער און א רואיקער. מיט ברייט צעעפנטע אויסגעלויטערטע אויגן. פארקוקט זיך דער זיידע אין קיוועס שווארצאפּלען און וואונדערט זיך: אזעלכע קלארע אויגן האט אמאל געהאט א איד וואס מען האט א אומשולדיקן געפירט צו דער טליע. יענער איז שוין געווען א עלטערער מענטש. און דאס איז בעקאַבאָקל א קליין קינד, וואס קען ניט ריידן און האט אזעלכע קלוגע אויגן. ער וואָלט געשוואוירן, אז דאס קינד ווייסט וואס ער טראַכט.

א פליג האט זיך אוועקגעשטעלט ביים אייניקל אויפן שטערן. דער זיידע האט א פאַכע געטון מיט דער האנט און פאריאגט די פליג. ער האט באַמערקט, אז דעם קינדס שווארצאַפּלען קוקן נאָך און באַטראַכטן זיינע באַוועגונגען. דער זיידע האט זיך צעשמייכלט.

האט ווידעראמאל אנגעהויבן זוכן זיין טאַבאַק־פּושקעלע, אויפגעעפנט, שטאַרק א שמעק געטון, און אזוי האַלטנדיק דאס ביסל טאַבאַק צווישן די פינגער, האט ער גארנישט אוסן־זייענדיק, אזוי־זיך, ביים אייניקל א שטיל סוידעסדיקן פרעג געטון:

— עפשער ווילסטו אויך א שמעק טאַבאַק? שעם זיך ניט, זאָג, הא?

צעשמייכלט ער זיך צום קינד אזוי צערטלער, און זיין גרויע באָרד שמייכלט מיט. א שווערער צאַר דריקט זיין אלטן קאָפּ אראָפּ אויף זיין ברוסט. אבער באַלד גיט ער זיך א צעשראַקענעם קוק־אום. זעט ער, אז אלע שלאָפן. ער הערט ווי מען שנאַרכט. און דאס פייער פונם נאַכט־לאָמפּ ווערט וואס אמאל קלענער. נעמט ער דאס ביסעלע טאַבאַק, וואס איז פארבליבן צווישן די פינגער און שטופּט פאַרזיכטיק אין קיוועס נעזל. און דער זיידע צערעדט זיך בישאס מאַסע אזוי הויך, אז די שלאָפנדיקע צע־זיפצן זיך און וועקן זיך שיר נישט איבער.

— מיילע, דיר איז דאָך נישט קיין נאַפקעמינע, אז דו מוזט שוין יא שטאַרבן, גיב זשע באַטש א שמעק־טאַבאַק! נאַ!

דאס קינד האט אויפגעהערט צו אָטעמען, זיך פארקרימט, שווער פארשלאָסן די אויגלעך און באַלד א שטאַרקן נים געטאָן, האבן זיך קיוועס באַלד צוויי ריטשקעלעך שווארץ בלוט פון נעזל געלאָזן. האט ער צוריק די אויגעלעך געעפנט און ארויסגע־

לאָזט אַ זיפץ ווי אַ זקן. מיטאַמאָל איז אים עפּעס אַ מידקייט באַפאַלן, ער האָט אָנגעהויבן שווער צו אָטעמען און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

האָט דער זיידע מיט זיין קאַלירטער פאַטשיילע דעם קינדס נעזל אָפּגעווישט און אַ דערפרייטער האָט ער צו אים אָן־אויפהער געטאַינעט:

— איצט וועסטו שוין, מיסטאָמע, לאַנג לעבן, מאַטערן וועסטו זיך אויך. נישקאָשע, וועסט ניט לעקן קיין האָניק, וועסט טאַפּן אַ וואַנט! שוין איינמאָל טאַפּן אַ וואַנט!

אויפן זיידנס פּנים האָט זיך צעליינט אַ גליקלעך שמייכל. ער האָט זיך געוויגט אויפן בענקל אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט זיצנדיק געזאָגט אַ תּפילה, אָדער אײַן־זיך געזונגען אַ פריילעכן ניגון. דער לאָמפּ אויפן טיש האָט געצאַנקט, און זיין שאָטן אויף דער וואַנט איז געווען גרויס און האָט זיך אָן־אויפהער געוויגט. געגלעט אַ פּייכטע פאַרשימלטע וואַנט, געגלעט און געטאַפּט...



# טרערן פון אַ גאָלדענעם זייגער

פון ווייטע ווייטן, איז אָנגעקומען אַ יונגע אויסגעמאַטערטע מויד. זי איז געווען שרעקלעך אויסגעדאַרט. זי האָט געהאַט אַ איינגעפאַלענעם בוזים. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ הונגעריקער אומעט. זי האָט געהאַט בלאָנדע האָר און צוויי גרויסע אויסגעהאָרעוועטע הענט; זי האָט זיך גערופן מאַריאַנאַ. זי האָט געהאַט אַסאַך מאַזל. אין דעם זעלבן טאָג, וואָס זי איז אָנגעקומען אין נייעם לאַנד, האָט זי גלייך געקראָגן אַ שטעלע פאַר אַ דינסט, אין הויז פונעם פאַבריקאַנט דאָן סאַלאָמאָן מעלניק.

דאָן סאַלאָמאָנס ווייב, דאָניאַ ראָסאַ, האָט מאַריאַנאַן גלייך געוויזן וואָס זי האָט צו טאָן. זי האָט איר אַרומגעפירט איבער אַלע צימערן. זי האָט איר געוויזן דאָס מעבל, די שאַפעס, די בעטן, דעם קלאַוויר, פּלושענע דיוואַנען. דערנאָך האָט זי איר געוויזן די קיך, דאָס געפעס, די טעפּ, און צום סאָף האָט זי איר געוויזן דעם קלאָזעט. מאַריאַנאַ איז איר אַ אונטערטעניקע נאָכגעגאַנגען מיט שטילע טריט. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, זי האָט געפינקלט מיט הונגעריק דערשראָקענע אויגן, און זי האָט מאַסקים געווען אַלץ צו פאָלגן, אַלץ צו טאָן, און נישט זיין פויל.

אָפן צווייטן טאָג האָט זיך שוין מאַריאַנאַ גענומען צו דער אַרבעט .זי האָט אָנגעהויבן פונעם קלאָזעט. זי האָט געריייניקט, געווישט. שפּעטער אַ ביסל, ווען די באַלעבאַטים זיינען שוין אויפגעשטאַנען, האָט זי פאַרבעט די בעטן. אין מיטן דער אַרבעט האָט זי זיך עפּעס דערשראָקן. אונטערן קישן איז געלעגן אַ גרויסער גאָלדענער זייגער מיט אַ גראָבער גאָלדענער קייט. מאַריאַנאַ האָט אָנגעהויבן צו ציטערן. זי האָט מוירע געהאַט אָנצורירן דעם גאָלדענעם זייגער. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שיינע זאַך און דאָס האַרץ האָט איר שטאַרק אָנגעהויבן צו קלאַפּן. זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז אַט דער זייגער באַדאַרף ווערט זיין אַ סך געלט, אַזוי פיל געלט וואָס ווען זי וואָלט דאָס פאַרמאָגט דאָרטן אין דער אַלטער היים, וואָלט זי זיך געקענט קויפן אַ קו מיט אַ פערד. אַן אַקער מיט אַ גרויס שטיק ערד. זי וואָלט געקראָגן אַ גוטן מאַן, זי וואָלט כאַסענע געהאַט און זי וואָלט נישט באַדאַרפט זיין עפּעס אַ דינסט.

מאַריאַנאַ האָט דעם זייגער נישט אָנגערירט. זי איז בלויז אַוועק צו דער באַלעבאַסטע און געזאָגט, אַז זי קען נישט פאַרבעטן דאָס בעט, ווייל דאָרטן ליגט אַ גאָלדענער זייגער. דאָניאַ ראָסאַ האָט אַ גוידער געטאָן מיטן פּאָנים. זי האָט געטראַכט, אַז די דינסט ווייזט אויס צו זיין זייער אַן ערלעכע. פאַר איר וועט זי עפּשער נישט דאַרפן קיין מוירע האָבן, אַז זי זאָל עפּעס אַרויסגאַנווענען פון שטוב. זי האָט זיך צעזיפצט און געזאָגט:

— דער סעניאָר האָט שוין ווייטער פאַרגעסן דעם זייגער. ער וועט שוין היינט זיין בייז... שטענדיק ווען ער פאַרגעסט מיטצונעמען דעם זייגער, איז ער זייער בייז... לייג אים אַוועק אָפן קליינעם נאַכט טישעלע און פאַרבעט דאָס בעט.

מאַריאַנאַ האָט געפאָלגט. זי האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געהאַלטן אַזאַ טייערע זאַך אין אירע הענט. זי האָט דערפילט ווי דאָס גאָלד וואָלט איר די האַנט אָפּגעבריט, דער גאָלד גלאַנץ האָט איר פאַרבלענדעט די אויגן און אַ גאַנצן טאָג האָט זי

שוין געטראַכט װעגן זייגער, װעגן געלט, און װעגן דעם װיפל מאַנאַטן זי װעט דאַרפן אַרבעטן, אַף אָפּצושפּאָרן אַזוי פיל געלט װיפיל דער זייגער קאָסט.

אַז דאַן סאָלאָמאָן איז אין דעם טאָג אַרייננעקומען צו זיך אין פאַבריק, איז שוין די אַרבעט געװען אין פולן גאַנג. די מאָטאָר מאַשינען האָבן זיך געיאָגט. מענטשן, פּילע צענדליק מענטשן, זיינען געװען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. די צושניידערס האָבן געשניטן די לעדערס, מאַשינערס האָבן גענייט. קלעפּערס האָבן געקלעפּט, און די שאַרפּערס האָבן געשאַרפט.

דער אויפזעער פון פאַבריק, סעניאָר בלום, האָט דער ערשטער דערפילט, אַז דער באַלעבאָס איז געקומען. ער האָט דאָס דערפילט װי אַ טויב, װאָס דערפילט דעם אָנ־קומען פון אַ שטורם. ער האָט פון דער װייטנס אַ שמייכל געטאָן. געזאָגט „גוט מאָרגן" און איינגעבויגן אַ ביסל דעם קאָפּ. דאַן סאָלאָמאָן איז זיין שװאָגער. ער האָט מיט פינף יאָר צוריק חאַסענע געהאַט מיט זיין שװעסטער רעבעקאַ. ער האָט זיין װייב נישט שטאַרק ליב. ער האָט איר עפּשער פיינט. אָבער זיין שװאָגער, דאַן סאָלאָמאָנען, האָט ער בעעמעס ליב. ער האָט פאַר אים אַ סאַך דערעך ערעץ און ער קוקט אים מיט אונטערטעניקייט אין די אויגן.

דאַן סאָלאָמאָן האָט זיין שװאָגער צוריקגעגריסט מיט אַ לייכטען שאָקל מיטן קאָפּ. ער איז אַ װיילע שטיין געבליבן אין מיט פון דער פאַבריק, זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן פליך פונעם עלצטן צושניידער אַלעקסאַנדראָ. ער האָט געזען װי דער אַלטער איטאַליענער, װאָס איז שטאַרק ענלעך מיט זיין באַגעלטן פּאָנים צו אַ פּראָפעס־סאָר, שאַרפט שוין באַלד צװיי מינוט זיין מעסער. ער פּרוּװט אויס, דאָס איז שוין שאַרף. גיט אַ שניט אין דער לעדער, זעט ער, אַז דאָס מעסער איז נאָך טעמפּ. נעמט ער דאָס װייטער שאַרפן. רייבט דאָס אינעם שאַרפשטיינדל און דאַן סאָלאָמאָן פילט װי דער אַלטער װאָלט אים געשאַרפט דעם מאַרך פון קאָפּ: דאַן סאָלאָמאָן װערט נערװעז. זיין פּאָנעם װערט רויטלעך, אַט װי ער װאָלט זיך נאַר װאָס אָפּגעראָזירט און אַרויפגעלעגט אַף זיין פּאָנים אַ הייסן האַנטוך. ער גיט אַ שנעלן גיי צו צום צושניי־דערס טיש און הויבט אָן טייטלען אים מיט אַ פינגער אין די ברילן אַריין:

— דו, דו, װי לאַנג מיינסטו באַדאַרף מען שאַרפן אַ מעסער? ס'האָט זיך באַלד געענדיקט דער האַלבער טאָג, און דו האָסט דאָס מעסער ניט שאַרף געמאַכט! װאָס מיינסטו װעל איך האָבן פון דעם װאָס דו שאַרפסט שוין באַלד אַ שאָ דאָס מעסער?

דער צושניידער ענטפערט גאָרנישט. ער לאָזט זיך טייטלען מיט די פינגער אין די ברילען. ער װערט אָבער נאָך רויטער װי דאַן סאָלאָמאָן. שוין אַכט יאָר װי ער טראַכט יעדן טאָג, אַז אָט היינט װעט ער דעם באַלעבאָס זיינעם, דעם טייװלשן איד, דעם רוסאָ, פאַרפאַרן מיטן מעסער אין גאָרגל אַריין. אָבער ער טוט נישט אַזוי. ער האָט אַ װייב. ער האָט דריי טעכטער און ער האָט ליב רויטן איטאַליענישן װיין. ער װייסט, אַז אין די טורמעס גיט מען נישט קיין װיין. שװייגט ער. מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ.

דאַן סאָלאָמאָן װאַרט מען זאָל עפּעס ענטפערן. ער רוקט זיך אַ ביסל אָפּ פון טיש. ער ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער לענג. ער איז זייער אַ הויכער, דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, אַז ער ציט זיך אויס װערט ער נאָך העכער, אָבער ער איז זייער דאַר. קיינער קען דאָס אַפילו נישט פאַרשטיין; די גאַנצע װעלט װייסט אַז דאַן סאָ־לאָמאָן איז אַף זיך נישט קאַרג. ער עסט אַסאַך, ער טרינקט אַסאַך. און דאַך װערט ער דאַרער פון טאָג צו טאָג. דאַן סאָלאָמאָן האָט זיך דאָס אַפילו גענומען זיין דאַר־קייט שטאַרק צום האַרצן. ער האָט געבענקט נאָך אַ ביסל פעטס אַף זיין לייב. ער האָט ליב געהאָט אַרויסצושטופן זיין בויך פאַרויס., אַט װי דאָס קומט אויס בא בייכיקע מענטשן, אױך איצט האָט ער אַרויסגעשטופּט דעם בויך און געשריען:

— אז מען וויל שארפן א מעסער, קומט מען מיט א צען מינוט פריער. מען דארף געדענקען, אז דער באלעבאס גאנוועט נישט קיין געלט! איך האב אמאל אויך געארבעט בא יענעם און איך האב שטענדיק געדענקט אזעלכע זאכן.

אלעכאנדרא שוויגט. ער האט אפגעשארפט זיין מעסער און ער ווארט אז דאן סאלאמאן זאל שוין אוועקגיין. סעניאר בלום דערנענטערט זיך צו זיין שוואגער. ער קוקט מיט דערשראקענע אויגן. ער זאגט עפעס זייער שטיל. אבער דאס זשומען פונעם מאטאר פארשלינגט זיינע ווערטער. דאן סאלאמאן גיט אף אים א שטעל אן זיינע בייזע אויגן און צעשרייט זיך נאך שטארקער:

— אז איך וויל זיך אף דיר פארלאזן וועל איך קריגן א פארד! אז איך וועל זיך אף דיר פארלאזן וועל איך ווערן אויס קאפעלוש מאכער! אז איך וועל זיך אף דיר פארלאזן וועל איך....

דער שוואגער האט אים איבערגעשלאגן אין דער מיט. ער האט זיך אנגענומען מיט קויעד און ער האט א געשריי געטון:

— א מענטש וויל מיט אייך נויטיק ריידן. ער ווארט אין ביורא.

דאן סאלאמאן האט שוין נישט פארענדיקט. ער איז אריין אין קאנצעלאריע. סעניאר בלום האט זיך אוועקגעשטעלט נעבן די ניי־מאשינען. דער מאשינער, „דער רויטער יאסל" האט אנגעהויבן דעם טאג מיט ברעכן נאדלען. סעניאר בלום איז גע־ווארן בלאס. ער האט גענומען אין דער האנט אריין די צעבראכענע נאדל, געשאקלט מיטן קאפ, פארביסן די ליפן און געזאגט:

— יונגערמאן, עפשער וואלט איר שוין אמאל צעפרידן געלאזט די מאשין. אז איר האט נישט דעם קאפ בא דער ארבעט... וואו האט איר דעם קאפ?

דער רויטער יאסל איז געווען דער בעסטער מאשינער פון פאבריק. אמאל מיט יארן צוריק האט ער געגלויבט, אז ער וועט אמאל ווערן אן אויפזעער פון א פאבריק. אבער זיין אומגליק איז געווען, וואס ער איז געווען דער ערשטער ארבעטער... אים האט זיך נישט געלוינט אוועקצונעמען פון דער מאשין, צוליב דעם איז ער אפטמאל געווארן נערוועז. ער האט געוואוסט, „אז ער וועט שוין שטארבן בא דער מאשין", ער האט זיך געגעבן א שטעל אויף. אנגעשפּיזלט דעם מאשגיעך מיט א פאר גרינע קעצישע אויגן און א מאך געטון מיט די הענט:

— איר קענט מיך הייסן גיין.

די ארבעטער האבן ביגנייווע זיך אנגעהויבן איבערווינקען מיט די אויגן. איי־ניקע האבן געשמייכלט, אנדערע זיינע געווארן בלאס, איינגעהאלטן די אטעמס. גע־טראכט, אז די פאבריק איז א גענעם; זיי האבן געקריצט מיט די ציין און אלע האבן זיי דעם רויטן יאסל מיטאמאל שטארק ליב געקריגן. אפילע די וואס האבן יאסלען שטארק פיינט געהאט האבן איצט אים צוגעווארפן בליקן פיל מיט באוואונדערונג, ווי ער וואלט געווען א העלד. פעדריטא דער צוועלף יעריקער אינגל, האט ארויסגע־שטעקט הינטערן אויפזעערס פלייצע, די צונג, ער האט אפילע פארביילט זיין קליין פויסטל. דער רויטער יאסל איז נאך אלץ געשטאנען אטקעגן דעם אויפזעער, שווער געאטעמט און געווארט.

דאן סאלאמאן איז אריינגעקומען. ער האט זיך פלוצלינג צעשמייכלט און גע־פאטשט דעם רויטן יאסלען אין קארק אריין:

— שוין, ווערסט שוין א יאכסן?.. נו, ווער שוין צעזעצט... זעץ זיך שוין צוריק אוועק... נו!..

דער אויפזעער איז פארשוואונדן. דאן סאלאמאן האט אים אליין געברענגט א צווייטע נאדל. דערנאך האט ער שווער אפגעאטעמט אלץ. האט צוריק געארבעט. די לופט האט געשמעקט מיט קאוטשוק און בענזין. די קלעפערס האבן געקלאפט מיט די העמערלעך. די קלעפעלעך האבן זיך געשאטן אין דער לופט, אויסגעמישט זיך מיטן

רייעך פון לעדער, מיטן זשומען פון די מאָטאָרן און דער גערויש איז וואָס אמאָל געוואָרן שטאַרקער און פיבערדיקער.

דאַן סאָלאָמאָן האָט אָנגעהויבן צו באַקוקן אַ קופּע מיט פּאַרטיקע שיך כּאָלע־וועס. די ארבעט איז אים געפעלן. ער איז עפּעס געוועזן אין אַ גוטע שטימונג. ער האָט געטראַכט, אַז ווען ער געפינט איצט עפּעס אַ פעלער וואָלט ער גאָרנישט גע־זאָגט. אָבער ער האָט גאָרנישט געפונען.

די ארבעטער האָבן באַמערקט ווי דער באַלעבאָס קוקט איבער זייער ארבעט. זיי האָבן בינגייווע געקוקט און זיי האָבן זיך געשראָקן. זיי האָבן געוואוסט, אַז ווען ער זאָל איצט געפונען אַ פעלער וואָלט באַלד ווייטער געוואָרן אַ טומל. זיי האָבן פיינט געהאַט דעם באַלעבאָס שטראָף רייד. זיי האָבן געטראַכט און מעקאַנע געווען דעם „רויטן יאָסל“. ער איז גאָר אַ גוטער פאַכמאַן און ער האָט נישט מוירע מען זאָל אים אָפּזאָגן. אַך, ווען אַלע וואָלטן דאָס געקענט זיין אַזוי פלינק און שנעל ווי ער . . .

אַלע האָבן יאָסלען שטאַרק פיינט געהאַט. ער האָט פאַרדינט מער ווי אַלע. ער איז געווען ערגער פון אַלע. אמאָל האָבן זיך אייניקע פון די ארבעטער אָנגענומען מיט מוט. זיי האָבן פאָרגעלייגט יאָסלען זיך צו פאַרשרייבן אין פאַריין. יאָסל האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער באַדאַרפט נישט קיין פאַריין. אָבער זיי האָבן געהאַלטן, אַז מען באַדאַרפט יאָ און זיי האָבן זיך פאַרשריבן אין פאַריין. מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דאַן סאָלאָמאָן אָפּגעזאָגט די, וואָס זענען געוואָרן „פאַריין מענטשן“. יאָסל האָט מענוּאוולדיק געלאַכט. די אָפּגעזאָגטע האָבן אָפּגעוואַרט די איבעריקע באַם ארויס־גיין אַף דער גאַס. זיי האָבן געוואַרט מיט פאַרכוישעכטע פּנימער, געוואָלט, אַז אַלע זאָלן גיין אין פאַריין. אָבער די ארבעטער זיינען זיך שנעל צוגאַנגען. זיי זיינען אין פאַריין נישט געקומען.

דאַן סאָלאָמאָן האָט אַלץ געוואוסט. עמיצער האָט אים איבערגעגעבן אַלץ וואָס די אָפּגעזאָגטע האָבן גערעדט אַף דער גאַס. דערנאָך האָט זיך דער באַלעבאָס אוועק־געשטעלט נעבן רויטן יאָסל. געקוקט מיט אַנטציקונג אַף זיין ארבעט. אים געגלעט די רויטע האָר און געזאָגט:

— יאָסעלע... איאָ דו דאַרפסט נישט קיין פאַריין?..

— אוודע, האָט יאָסל נאָך שטאַרקער געטריבן דעם מאָטאָר.

דאָס איז געווען אמאָל מיט יאָרן צוריק. פון יענער צייט האָט שוין קיינער נישט געפּרוּווט אָרגאַניזירן דאַן סאָלאָמאָנס פאַבריק. פונדעסטוועגן ווייסט דאַן כּאָלאָמאָן, אַז עטליכע זיינען דאָך פאַרשריבן אין פאַריין.

דאַן סאָלאָמאָן האָט שוין איבערגעקוקט די גאַנצע ארבעט. ער האָט געשמייכלט אַ צופרידענער. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צו דער קליינער הויזן קעשענע. ער האָט געוואָלט אַ קוק טאָן אָפן זייגער. ער האָט זיך געכאַפּט אַז ער האָט אים פאַרגעסן אין דער היים. ער האָט אַ רוף געטאָן דעם קליינעם פּעדריטאָ. ער האָט אים געשיקט צו זיך אהיים ער זאָל אים ברענגען דעם זייגער.

פּעדריטאָ האָט זיך אָנגעטאָן זיין צעריסן רעקל. דאַן כּאָלאָמאָן האָט אים נאָכ־געשריגן־

— זאָלסט אים היטן ווי די אויגן פון דיין קאָפּ... הערסט?

שפּעטער מיט אַ האַלבע שאָ איז פּעדריטאָ צוריקגעקומען אַ פאַרשוויצטער. ער האָט געהאַלטן די האַנט אין דער קעשענע. זיין דאַר הענטל האָט געפילט אַן אויסער־געוויינלעכן פאַרגעניגן פון דעם וואָס ער האָט געגלעט דעם זייגער. אָפן וועג איז ער געגאַנגען אַ פאַרכאָלעמטער. ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט ווערן אַ גרויסער, ער וועט שוין קענען גוט ארבעטן וועט ער זיך אָפּשפּאָרן געלט און וועט זיך קויפן פונקט אַזאַ זייגער.

מיטיק צייט, ווען די ארבעטער האָבן ווי שטענדיק געוואַרט, אַז סעניאָר בלום

זאָל אויפשליסן דעם טויער פון דער פאַבריק, האָבן זיי זיך געוויצלט מיטן קליינעם פּעדריטאָ:

— ביסט אַ יאָלד, פּעדריטאָ!

— ביסט אַ נאַר, פּעדריטאָ!

— וואָלסט באַדאַרפט אַנטלויפן מיטן זייגער!

עמיצער האָט גאָר שטאַרק געלאַכט:

— פּעדריטאָ, וואָלסט יעצט געהאַט אַ גאָלדענעם זייגער...

פּעדריטאָ האָט געשמייכלט. ער האָט מיטגעלאַכט, נאָר זיין יונג הערצל האָט טאַקע איצט שטאַרק געקלאַפּט. טאַקע וואָס וואָלט מען אים געטאָן ווען ער גיט נישט צוריק דעם זייגער?

דער טאָג איז אַוועק און עס איז געקומען אַ צווייטער טאָג. אין פאַבריק זיינען אַלע טעג שטאַרק ענליך איינער צום אַנדערן. מאַריאַנאַ, דאָן סאַלאָמאָנס דינסט האָט זיך צעביסלעך צוגעוואוינט צו אירע ברויט געבער. זי האָט שווער געהאָרעוועט. דאָניאַ ראָסאַ האָט איר געמוטשעט. זי האָט צו מאַריאַנען געדערט אויף מאַריאַנעס עמעס־דיק איינגן לאָשן; זי האָט איר געשאָנקען צוויי פּאָר זאָקן, און זי האָט איר צוגעזאָגט אַז מיט עטליכע כּאָדאָשים שפּעטער וועט זי איר דערלייגן עטליכע פּעזעס מער.

מאַריאַנאַ האָט געגלויבט. זי האָט ליב געקריגן איר באַלעבאָסטע. זי האָט ליב געקריגן איר באַלעבאָסטעס קינדער. זי האָט זיי געוואַשן, געקעמט און געזונגען פאַר זיי אומפאַרשטענדליכע, אָבער זייער שיינע לידער.

דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך אויף זיין דינסט נישט אומגעקוקט. ער האָט איר קימאַט נישט באַמערקט. מאַריאַנאַ איז געוועזן שטאַרק אויסגעדאַרט און דאָן סאַלאָמאָן האָט ליב געהאַט דיקע מענטשן.

מאַריאַנאַ האָט זיך נישט גענומען צום האַרצן וואָס איר ברויטגעבער האָט איר נישט באַמערקט. זי איז שוין געוואָרן שטאַרק היימיש מיט אַלע זאַכן וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב, און אַז זי האָט דאָס בעט פאַרבעט און אַז זי האָט געפונען דאָן סאַלאָמאָנס פאַרגעסענעם זייגער, האָט זי אים שוין גאָר דרייסט גענומען אין דער האַנט. איר האַנט אין אַזאַ מינוט האָט נישט געציטערט. זי האָט דעם זייגער אַוועק־געלייגט אויפן נאַכט טישל און ווייטער געטאָן איר אַרבעט.

די מאָנאַטן האָבן זיך אַדורכגערוקט אין מאַריאַנאַס לעבן. די טעג זיינע געוואָרן גרעסער און הייסער. מיט יעדן טאָג האָט מאַריאַנאַ געהאַט אין דער שטוב אַלץ מער אַרבעט. זי האָט געוואַרט מיט אומגעדולד דעם טאָג, ווען דאָניאַ ראָסאַ וועט זיך דערמאָנען אין איר צוזאָג און דערלייגן די עטליכע פּעזאָס.

שפּעט באַנאַכט, איז מאַריאַנאַ אַרויפגעקראָכן אין איר בוידעם צימערל וואָס איבערן קלאָזעט. זי האָט זיך אויסגעטאָן, צעפלאָכטן די האָר און האָט אַוועקגעקניט אויפן שטיינערנעם פּאָל. זי האָט זיך איבערגעצייילעמט. פאַרלייגט די הענט און גע־זאָגט אַ טפילע: זי האָט געבעטן פאַר איר געזונט, פאַרן געזונט פון אירע שוועסטער־לעך וואָס זי האָט איבערגעלאָזן אַזוי ווייט פון זיך. זי האָט געזיפצט. דערנאָך איז זי אַריינגעקראָכן אין בעטל און איז שנעל אַנטשלאָפן געוואָרן.

אויף צומאָרגנס איז געוועזן אַ הייסער טאָג. אין דעם טאָג האָט דאָן סאַלאָמאָן נישט פאַרגעסן דעם זייגער. מיטיק צייט האָט ער שוין מער נישט געקענט איינזיצן אין דער פאַבריק. ער האָט אַלץ איבערגעלאָזן אונטער דער אויפזיכט פון זיין שוואָ־גער און איז אַוועק טרינקען אַ גלאָז ביר אין אַ דייטשן ביר־הויז „דער סיבאַריט".

אינעם ביר־הויז האָט זיך דאָן סאַלאָמאָן צענויפגעטראָפן מיט עטלעכע גוטע ברידער, אויך פאַבריקאַנטן ווי ער. אָבער זיי האָבן טאַקע אויסגעזעען ווי עמעסע פאַבריקאַנטן; זיי האָבן געהאַט גראָבע אָנגעבלאָזענע בייכער מיט גלאַנציקע פּליכעס אויפן קאָפּ. זיי האָבן מיט האַנאָע געזיפּט דאָס ביר, פאַרביסן מיט רויטע רעטעכלעך, געזיפצט און געשוויצט. די ווענטילאַטאָרן האָבן זיך זשומענדיק געדרייט איבער

זייערע קעפּ. די קעלנערס האָבן זיך געיאָגט צווישן די טישלעך און זיך גענויגט, גע־דאַנקט און געבראַכט פרישע גלעזער מיט שוימיק קאַלטן ביר. אױף אַ גאַלעריקע אױ־בערן בופעט האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער פון מיידלעך. זיי האָבן אַלע געטראָגן בלויע קליידלעך אָן אַרבל. זיי האָבן זיך געוויגט מיט די טיכלעך אונטער די פּאַכ־װעס. זיי האָבן פון זיך געטריבן שוואַרצע פליגן, זיך געקרימט מיט זייערע פּנימער און געשפּילט טרויעריגע טאַנגאָס.

דאָן סאַלאָמאָן האָט געזופּט זיין ביר, געקוקט אױף די מיידלעך און זינדיקע גע־דאַנקען זיינען אים געקראָכן אין קאָפּ. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, פאַר־ביסן די ליפּן און זיך געגלעט דעם בויך. די כאַוויירים האָבן אים באַדויערט. זיי האָבן געזען ווי עס האָט דאָן סאַלאָמאָנען „געכאַפּט דער מאָגן".

דאָן סאַלאָמאָן איז אַריין אין קלאָזעט. ער האָט זיך דערפריט, וואָס ער איז נישט געווען פאַרנומען. ער האָט אַרויסגענומען דעם זייגער פון דער הויזן קעשענקע. ער האָט אים אַוועקגעלייגט אין דער זייט אױפן ווייסן מאַרמאָר. ער האָט דאָס געטון צוליב דעם, וואָס אַמאָל איז אים, בײַ אַזעלכע אומשטענדן, דער זייגער אַרויסגע־פאַלן פון קעשענע און דאָס שייבל האָט זיך צעבראָכן.

דערנאָך האָט דאָן סאַלאָמאָן געזיפצט. דורך שפּאַרעס פון דער טיר האָבן זיך אַריינגעריסן מוזיק טענער. טרויעריקע קלאַנגען האָבן אַריינגעשטראָמט. דאָן סאַלאָ־מאָן האָט זיך אָנגעהויבן פילן גוט. זייער גוט.

מיט אַ שאָ שפּעטער, ווען דאָן סאַלאָמאָן איז געגאַנגען אהיים, האָט ער זיך פּלוצלינג מיט שרעק אַ כאַפּ געטאָן פאַר דעם גאַרטל. ער האָט זיך באַטאַפּט. און איז בלאַס געוואָרן. ער האָט איבערגעלאָזט דעם זייגער אין קלאָזעט.

ער איז שנעל צוריקגעלאָפן צום רעסטאָראַן. ער האָט געזוכט אין קלאָזעט. דער זייגער מיט דער קייט איז שוין נישט געווען.

דאָן סאַלאָמאָן איז אַריינגעפאַלן צו זיך אין שטוב אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אױפן בעט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. זיין ווייב האָט אים געגלעט, געוויינט און זיך געבעטן:

— וואָס איז דיר..? גאָט מיינער, וואָס איז דיר?

דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך צעקרעכצט:

— רויזעלע... ס'האָט מיך געטראָפן אַן אומגליק...

ענדליך האָט ער דערציילט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. דאָניאַ ראָסאַ האָט זיך שטאַרק צעוויינט:

— וואו האָסטו געהאַט דעם קאָפּ?

— אין דער ערד... אין דער ערד... — און דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָבן זיך מאַן און ווייב זיך קוים אַביסל באַרויקט. זיי האָבן זיך נישט געקוקט אין די אויגן אַריין. זיי האָבן צווישן זיך קימאַט נישט גע־רעדט, דערפאַר האָט דאָניאַ ראָסאַ זיך איינמאָל צערעדט מיט דער דינסט. זי האָט איר דערציילט וועגן געטראָפענעם אומגליק און צום סאָף האָט זי געזאָגט:

— מאַריאַנאַ. איצט קען איך מיר שוין נישט פאַרגינען צו האַלטן אַ דינסט... מיר זיינען איצט אָרימע מענטשן... נאָר אויב דו ווילסט אַרבעטן פאַר בילינער קענ־סטו בלייבן...

מאַריאַנאַ איז בלאַס געוואָרן. זי האָט זיך דערשראָקן. זי האָט מיט מוירע גע־שאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, זי באַשטייט...

אַז די יעדיע מיטן פאַרלוירענעם זייגער איז אָנגעקומען אין דער פאַבריק, האָבן זיך די אויגן בײַ די אַרבעטער צעלויכטן מיט פריידיקע נעקאָמע בליקן, אַז זיי זיינען אַ ווײלע געבליבן אַליין, האָבן זיי געשיט מיט קלאָלעס:

— אַ שאָד וואָס ער האָט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ!

— די קישקעס וואָלט ער באַדאַרפט פאַרלירן...

— די ציין. די כאַזערישע ציין...

אַט אַזוי האָבן די מענטשן פון דאַן סאַלאַמאַנס פאַבריק געהאַט איין פריידיקן טאָג אין דער פאַבריק, אָבער באַלד אַף צומאָרגנס איז שוין דער טאָג געוואָרן טרויעריקער ווי אַלע טעג ביז איצט.

איינמאָל נאָך דער אַרבעט האָט דאַן סאַלאַמאַן אַריינגערופן צו זיך אין שרייבצימער דעם אַלטן איטאַליענער. זיי האָבן זיך לאַנג געזוימט אין צימער. דערנאָך איז דער איטאַליענער אַרויסגעקומען עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך פאַר די פּאָר מינוט געעלטערט אַף צען יאָר. דאַן סאַלאַמאַן האָט אים דערציילט, אַז זיינע געשעפטן נייען שלעכט און ער האָט דעם אַלטן אַראָפּגענומען אַ פינפט כיילעק פון זיין טעגליכן לוין.

דער אַלטער האָט איינגעוויליקט. פון היינט וועט ער זיך שוין נישט קענען פאַרגינען צו טרינקען אַ גלאָז וויין באַם עסן, אָבער וואָס זאָל ער טאָן, ער איז דאָך שוין אַזוי אַלט...

אַזוי איז עס געגאַנגען מיט יעדן איינציקן פון די אַרבעטער, זיי זיינען אַרויסגעקומען פון דאַן סאַלאַמאַנס קאַנצעלאַריע מיט קלאָלעס אַף די ליפּן. זיי האָבן געקיילט די פויסטן, געשפּיגן. אַלע זענען געבליבן אַרבעטן.

די איינציקע וואָס דאַן סאַלאַמאַן האָט נישט אַראָפּגענומען פונעם לוין איז געווען זיין שוואָגער און דער קליינער פּעדריטאָ. אַפילו דעם „רויטן יאָסל" האָט דאַן סאַלאַמאַן נישט געשאַנעוועט. דער „רויטער יאָסל" האָט זיך נישט געלאָזן, קלויערשט אַוועקגעגאַנגען, אָבער מיט אַ טאָג שפּעטער איז ער צוריק געקומען צו דער אַרבייט.

דאַן סאַלאַמאַן איז צוריק פריילעכער געוואָרן. ער האָט צוריק אָנגעהויבן צו ריידן מיטן ווייב, אָבער אין דער פאַבריק זיינען די אַרבעטער מיט יעדן טאָג טרויעריקער געוואָרן. אַ שוואַרצע מאָרע שכוירע איז אַף זיי אָנגעפאַלן. אַז זיי זיינען געבליבן אַליין האָבן זיי זיך נישט געוויצלט. סעניאָר בלום איז געוואָרן כוצפּעדיקער און שטרענגער מיט יעדן טאָג. ער האָט פון די אַרבעטער אַרויסגעטריבן די קויכעס — די אַרבעטער האָבן געשוויגן.

מאַריאַנאַ, די דינסט האָט דורך די נעכט געוויינט. זי האָט געשלוכצט, זי האָט געהאַט מעשוגענע כאַלוימעס. דער גאָלדענער זייגער האָט זיך איר ווי אַ שווערער שטיין אַוועקגעלייגט אַף די דאַרע ברוסטן. זי האָט דאָס פון זיך געוואָלט אַראָפּוואַרפן און נישט געקענט. באַלד האָט זיך דער זייגער פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיק באַשעפעניש. מאַריאַנאַ איז בייז געוואָרן און זי האָט דאָס באַשעפעניש אָנגעהויבן שרעקליך צו שלאָגן. דאָס באַשעפעניש האָט זיך צעוויינט, געטרערט מיט די גאָלדענע אויגן. יאָ, מאַריאַנאַ האָט געהערט ווי דער גאָלדענער זייגער האָט געוויינט, געיאָמערט מיט אַ שטילקייט און גאָלדענע טרערן זיינען גערונען אַף אירע הענט. דער זייגער האָט געקרעכצט און זיך געצאַפּלט:

— איך בין נישט שולדיק... איך בין נישט שולדיק...

אין דער זעלבער נאַכט האָט זיך דער איטאַליענער אָנגעשיקערט. ער האָט געוואָלט שלאָגן זיינע טעכטער. דערנאָך האָט ער געכאָלעמט אַז ער האָט געפונען דעם גאָלדענעם זייגער, ער האָט אים צעשטיקלט מיט אַ ריזיקן האַמער. דאַן סאַלאַמאַן האָט דאָס צוגעזען און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

אַזוי האָבן אַלע אַרבעטער געכאָלעמט וועגן גאָלדענעם זייגער. זיי האָבן זיך געקושט מיט גאָלדענע זייגערס. געשלאָגן זיך מיט גאָלדענע זייגערס. גאָלדענע זייגערס האָבן געוויינט מיט מענטשלעכע טרערן. און גאָלדענע זייגערס האָבן געזיפצט, געזיפצט ווי קראַנקע מענטשן.

דאַן סאַלאַמאַן איז געווען דער איינציקער וואָס האָט דורך די נעכט נישט געהאַט קיין שלעכטע כאַלוימעס. ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן אין די נאָנטסטע טעג־

צו קויפן א פרישן זייגער. ער וועט אים נישט טראָגן בא זיך. ער וועט זיך באמיען, אז די ארבעטער זאָלן אים קיינמאָל נישט זען. ווען אַלטן זייגער האָט ער שוין נישט געטראכט. סאָף קאָל סאָף האָט ער צום פארלוירענעם זייגער גאָרנישט דער־לייגט.

אָבער דערווייל איז נאָך געווען נאכט. דאָן סאלאָמאָן האָט געשמייכלט אין שלאָף. זיינע ארבעטער האָבן נאָך אַלץ געהערט וויינען גאָלדענע זייגערס אין פינס־טערע כאלוימעס. אזוי האָבן זיי געכאָלעמט ביז אין דער פרי. ביז זייערע פראָסטע וועק זייגערס האָבן זיי אויפגעוועקט און געטריבן צו דאָן סאלאָמאָנען אין דער שטיקענדיקער פאבריק.



נ. קריטשמאַר

# פון דער אידישער קאָלאָניע

(ש ט ר י כ ן)

## כ אָ ל ע ם א ו ן ו ו אָ ר

אין די אידישע קאָלאָניעס וואַקסט אַ יונגער דאָר.

אויפגעצויגן אין פעלד, פון קליינערהייט אָן אַ מאַזיק צום רייטן אַף די האַלב ווילדע פערד, איז דאָס קאָלאָניסטישע אינגל שוין אַ פויערל פון געבורט, מיט אַלע פסיכישע אייגנשאַפטן פונעם פעלד־מענטש און אים איז שוין לייכט צו זיין אַ ערד־אַרבעטער און שווער זיך אָפּצורייסן פונ'ם פעלד.

אָבער עס טרעפט אַז דאָס קליינע אינגל וואַקסט אונטער, ס'ווערט אַ מענטש, ס'קוקט זיך אַרום ווי שווער דאָס קאָלאָניסטישע לעבן איז, ווי ניט איינגעאָרדנט דיווירטשאַפט איז, ווי אַלץ פעלט, ווי יעדער זאַך איז ניט ווי ס'געהער צו זיין, מאַכ־מעס אָרעמקייט, נויט און דאַלעס, דעמאָלט הויבט ער אָן, דער אונטערגעוואַקסענער קאָלאָניסטישער זון, צו כאָלעמען וועגן אַ גרויסער ענדערונג, וועגן אַ ראָדיקאַלער איבעראַנדערשונג פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט.

שאַפט זיך אַזוי אַ קאָלאָניסטישע יוגנט מיט העכערע שטרעבונגען, מיט אַ העכערן באַגריף וועגן עצעם קאָלאָניזאַציע. אָנגעזאַפּטע מיט ליטעראַטור, מיט סאָציאַלן וויסן און אידייען, וועבט זיך אויס בא זיי אַ טרוים ביילד פון אַ שענער לעבן אַפן פעלד.

מען שטעלט זיך שוין פאַר אַ קאָלאָניע ניט אַזוי צעוואָרפן, פאַראיינזאַמט, אָפּגעזונדערט איינער פונעם אַנדערן. נאָר אין גרעסערע גרופן, אַף אַ דאָרפישן אויפן. אַ מין גאָרטנשטעטל אַרומגערינגלט מיט די פעלדער אַף אַ ווייטער שטרעקע.

אין קאָלאָניע איז פאַראַן אַ שיינע ביבליאָטעק. אַ סאַלאָן אַף צו שפּילן טעאַטער, געבן לעקציעס, פאַרווײַלן זיך, אַ שול, אַ מאָדערנע, פאַר די קינדער, אַ קינדער גאָרטן פאַר די קליינינטשקע און אַלע אַנדערע באַקוועמלעכקייטן וואָס ס'איז נאָר מעגלעך אין אַ פּראָגרעסיווער קאָלאָניע.

אַזוי כאָלעמט מען צו פאַרייניקן דאָס געזונטע דאָרפישע לעבן מיט דער שטאָטישער קולטור. מען באַגניגנט זיך שוין ניט מיטן רוטינירטן לעבנס שטייגער פון די אַלטע קאָלאָניעס. דעם קאָאָפּעראַטיוויזם וויל מען אָנווענדן אין אַ מער גאַנצער, אינטעגראַלער פאָרם. ניט נאָר סטאָם אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם שאַפן, וואו מען זאָל קריגן דעם פּראָדוקט מיט אַ פּאָר סענט ביליקער, נאָר טאַקע איינפירן די קאָאָפּעראַציע אַף אַלע געביטן, אויסנוצן די ברייטסטע מעגלעכקייטן וואָס דער קאָאָפּעראַטיוויזם גיט.

דאָס איז דער אידעאַליזם וואָס שוועבט אין דער אידישער קאָלאָניע. ער כאַפּט אַרום דעם בעסטן עלעמענט, דעם יונגסטן, דעם מער לעבנסקרעפטיקן, דעם מער אָנגעזאַפּטן מיט די שענסטע מאָדערנע אידייען.

איז עס אַ וועלט אַנשויאונג, אַ אידייען ריכטונג, אַ דאָקטרין. ס'איז אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנער צעשטערערישע טענדענץ, ניט קיין געדאַנקן־וועלט וואָס שטרעבט איבערצוקערן דאָס אַלטע קעדעי אַף די כורוועס אויפצובויען אַ נייע לעבן. דאָס איז אַ פרידלעך שאַפערישע טענדענץ, אַ מין אידיליש שיינער באַגריף פון אויפבויען אַ מוסטערהאַפטע נעסט, אַ באַקוועם מענטשן ווינקל אין שויס פון דער פרייער נאַטור.

איז דער דאָזיקער טרוים טאַקע ניט רעאַליזבאַר? איז אָט דאָס צוקונפטיקע ביילד נאָר שיין אין דער פאַנטאַזיע, און באַם ערשטן באַריר מיט דער ווירקלעכקייט ווערט עס צושווימען, צורינען ווי אַ נעפּל?

מעגליך, אז אין דער נאָענטער צוקונפט, ווען דער גאנצער געבוי פון דער געזעלשאפט וועט געענדערט ווערן, וועלן אויך די דאָזיקע טרוימען פון דער אידעאַליסטישער יוגנט אין די אידישע קאָלאָניעס, קענען פארווירקליכט ווערן...

דערווייל אָבער מוז מען זיך באַנוגנען, ווי ביקלאל אינעם גאַנצן לעבן אונזערן, מיט ברעקלעך און שטיקלעך פון אָט די אַלע אויסגעכאַלעמטע שיינקייטן, וואָס מיר ווילן איינפלאַנצן אין אונזער סוויווע.

עס זיינען אָן ספּפעק, פאראַן מעגליכקייטן צו טון וויכטיקע ארבעט אפן קאָאָפּעראַטיוון און קולטורעלן געביט אין דער אידישער קאָלאָניע, אַף צו הויבן דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן ניווא פון דער קאָלאָניסטישער באַפעלקערונג.

איך וועל דאָ ברענגען אַ פאַקט פון דער קאָלאָניע נאַרסים לעווען. אין אָנהויב פון איר גרינדונג, אין יאָר 1910, האָבן זיך צופעליק געפונען אין יענער קאָלאָניע עטלעכע אינטעליגענטן. דאָס זיינען געווען מערסטנס לערערס פון די יק"א שולעס. עס זיינען אויך געווען אַ קליינער טייל, זין פון די ערשט קאָלאָניזירטע, וואָס האָבן געהאַט אַ שטיקל באַגריף וועגן בילדונג, ליטעראַטור, קולטור.

געווען אַ שווערער עקאָנאָמישער קאַמף די ערשטע יאָרן. אין דער קאָלאָניע נאַרסים לעווען. ווי ס'האָט פּאַסירט אין די מערסטע נייע קאָלאָניעס דער יקא"ס, האָט מען זיך אריינגעוואָרפן מיט אויסערגעוויינלעכן ברען אין די אַלערליי פּיאָנערישע ארבעטן ווי: קאַרטשעווען די שטעכיקע בוימלעך, אַקערן דעם נאָך קיינמאָל ניט גערירטן באָדן, אַרומצוימען מיט דראָט, בויען, פלאַנצן...

איז אין אָט דעם שווערן ארבעט-פּעריאָד, אינ'ם פּיאָנערן-צושטאַנד, האָבן קאָלאָניסטישע זין, אין ענגער צוזאַמענארבעט מיט די לערער, זיך גענומען צו דערפילן קולטור-אויפגאַבן.

מ'האָט אויסגעזוכט די לעצטע סענטן און געגרינדעט אַ ביבליאָטעק. דער „גרונט קאַפּיטאַל" איז באַשטאַנען פון פינף און דרייסיק פּעזאָס. מ'האָט אָרגאַניזירט ספּעקטאַקלען, געפאָרן צענדליקער קילאָמעטער אַף „רעפּעטיציעס", געגאַנגען צופוס ווען די פערד זיינען שוואַך געוואָרן, און אָט אַזוי איז געשאַפן געוואָרן „פאָנדן" אַף צו באַרייכערן די ביבליאָטעק מיט נייער ליטעראַטור.

אונדזער קרייז איז באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס אייניקע פון זיי זיינען שוין היינט באַוואוסטע אינזשיניערן, אדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן און זשורנאַליסטן. דעמאָלט האָבן מיר באַ די ליטעראַרישע אָוונטן קוים אָנגעהויבן עפענען די טירן צו די שאַצקאַמערס, וואו עס ליגן די ליטעראַטור און קולטור אוצרעס פון דער וועלט.

אָט די ליטעראַרישע אָוונטן וועלן אַף אייביק פאַרבלייבן אין זיקאָרן. איבערהויפּט פלעג אַף אונדז מאַכן אַן איינדרוק פּערעץ. מיר פלעגן אים פריער לייענען און דערנאָך אינטערפּעטירן. ער פלעג פאַר אונז מאַיעסטעטיש אויסוואַקסן און אונז אַוועקפירן אין העכערע וועלטן...

געווען שיינע צייטן. צייטן פון שיינער דערהויבענער ארבעט. די פון אונדז וואָס האָבן דעמאָלט געהאָלפן „בייטן ביכער" אין ביבליאָטעק האָבן געקאָנט זען ווי נאָך אַ „אָוונט" זוכט מען אַלץ ווערק פון יענע שרייבער, וואָס מוסטערן זייערע זייגן געלייענט און באַלויכטן געוואָרן אַפן „אָוונט".

אַזוי האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן אַ שטראָם פון ליבשאַפט צו אונדזערע גרויסע קולטור-שאַפער. די לאַנגע אָוונטן אין איינזאַם מאָנאָטאָנעם קאַמף זיינען אויסגעפילט געוואָרן מיט די רייכע אויצרעס וואָס זיינען מיט אַזאַ דורשטיקייט איינגעזאַפּט געוואָרן.

עטלעכע יאָר קולטור-ארבעט האָט שוין געגעבן בוילעטע רעזולטאַטן. הונדערטער מענטשן זיינען געקומען אַף די פאָרשטעלונגען און ליטעראַרישע אָוונטן. ביכער זייגן געלייענט געוואָרן אין די טויזנטער בענדער. און דאָס אַלץ גוטע, ערנסטע, מאָדערנע ליטעראַטור. שמ"ר איז אינגאַנצן ניט געווען. טענענבוימען האָבן געלייענט מערסטנס נאָר די אָנפאַנגער.

אינ'ם געשפּרעך פון דער קאָלאָניסטישער יוגנט האָט איר דערקענט די ווירקונג פון גוטן בוך. אַ ריינער אידיש. שיין געבויטע זאצן. לאַגיש אין די בינדונגען לויטן מאָדעל פון פּולירטן בוך לאָשן... דער צומיש פון צעקאָליטשעטע שפּאַנישע ווערטער איז קימאַט איננאַנצן פאַרשוואונדן...

ווען יק"א האָט אַריבערגעפירט אַ טייל קאָלאָניסטן, אַן ערך פערציק פאַמיליעס קיין „לאַפּין", האָבן זיי אַוועקגעפירט און עפשער אויך מיטגענומען די קולטור־טראַדיציע.

די גאָלדענע עפּאָכע פון נאַרסים לעווען האָט אָפּגעבליט, פאַרוועלקט, געבליבן איז נאָר אַ מין נאָכדופט פון יענעם זיסן אַראָמאַט, וואָס האָט זיך צושפּרייט איבער אַלע עקן פון דער רעפּובליק...

היינט איז שטיל אין נאַרסים לעווען. אוועק די קולטור טוער, יעדער אין אַן אנדער ווינקל, אַפילו דער יונגער דור, דער צוגעקומענער, וואָס די אויגן זיינע האָבן זיך געעפנט שוין „אָפּן פלאַץ", אויך ער איז כמעט ווי ניט געבליבן אין קאָלאָניע.

דאָס איז די טראַגעדיע פון מיין היים־קאָלאָניע אין דער וויסטער פּאַמפּאַ, וואָס די בעסטע זין אירע פאַרלאָזן זי! און איז עס נאָר דאָרט? איז עס נישט אין אַלע אונזערע אַרגענטינישע קאָלאָניעס?

## צוויי אַקער־פעלדער

ווען איך בין נאָך אַ קליין יונגל געווען, אין יענער צייט וואָס איז אמבעסטן צוגעפּאַסט אַף צו גיין אין שולע אריין, אריינזאַפּן אין זיך כאָכמע און וויסנשאַפט און זיך צוגרייטן צום הארטן „קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ", — דעמאָלט שוין האָב איך אין דער קאָלאָניע מאוריציאָ געהאַט צו מיין דינסט פיר ביסטרע פערדלעך מיט אַ זיצפלוג און פאַר מיינע אויגן האָט זיך אויסגעשפּרייט דאָס ברייטע אַקער־פעלד.

און כ'האָב ניט געוואוסט נאָך, אז אַט דאָס אַקער־פעלד האָט פאַר מיר אַ סימבאָלישן באַדייט. אַז דאָס איז מיין צווייענדיקער לעבנס־באַרוף: מיט שווערער, אָנגעשטריינגטער מי, מיט כאַראַקטעריסטיש פּויערישער האַרטנעקיקייט, אריינשניידן דעם אַקער אין דער ערד, אַרויסגראָבן פון דאָרט די פאַרבאָרגענע אוצרעס — ברויט פאַר דער וועלט — און מיט דערזעלבער אַקשאָנעס און מיט אַ דעליקאַטערן אַקער־אייזן, — די פען, — אַריינשניידן זיך אין נאָך ברייטערן אַקערפעלד פון אונזער רויער, מיט ווילדגראָז באַוואָקסענער אַגראַר־סוויווע, קולטיווירן זי מיט אַקשאָנעס און אויסדויער, אין אייביקער דערוואַרטונג פון דער געבענטשטער פרוכט...

אַ מאָדנער באַגריף איז עס. אַ צווייענדיקע לעבנס־אויפגאַבע, וואָס אונטער די איצטיקע סאָציאַלע אומשטענדן איז עס אָפּט אַ שווערער אינערליכער קאַמף.

היינט האָב איך עס פאַרשטאַנען קלאָר. אין דער אינדערפריעדיקער קלאָרער לופט, אונטער די בלישטשענדיקע טראָפּנס טוי, האָט זיך געצויגן דאָס פעלד אַזוי ברייט און ווייט, אַז אַ ציטער האָט מיך דורכגענומען באַם געדאַנק, אַז דאָס אַלץ דאַרף איך אויפאַקערן. דער אַרבעטס־פיבער נעמט אַרום, די לוסט איז גרויס, אָבער די קויכעס שוואַך.

און דעמאָלט ווען מיר זיינען פאַרטון אין דער טאָג טעגליכער פּויערישער אַרבעט, הויבט זיך אָן צומאָל טראַכטן, פון זיך אַליין שווימען אַרויס בילדער און געדאַנקען, און עס באַווייזט זיך דאָס ברייטע אַקערפעלד, דאָס גייסטיקע פעלד, און אַזוי פאַרלאָזט, אַזוי פאַרווילדעוועט זעט עס אויס, אַז אַ ביטערער פאָרוואורף שטעכט אין די אויגן, די ניט־דערפילטע פליכט מאָנט און רופט, אַ מין דראָענדיקע שטים פון געוויסן, דערמאָנט אונז אין אַ שווערער זינד און סטראַשעט מיט שטראָף און נעקאָמע...

דער האַרמאָנישער צונויפבונד פון פיזישער און גייסטיקער אַרבעט, ווערט באַ־

זונגען און געלויבט פון די סאָציאַלע דיכטער, וואָס האָבן אַ ליכטיקן קוק אויף דער צוקונפט. מ ע אַ ר ע ט י ש איז עס דער אידעאַלער צושטאַנד פון גלייכגעוויכטיקער שעפערישקייט: אַלזייטיקע אויסשטראַלונג פון מענשלעכער ענערגיע.

אָבער ווי אַנדערש איז עס אין פּראַקטישן לעבן. גיט מען זיך אָפּ מיט לייב און זעל צו פיזישער פּראָדוקטיווער אַרבעט, ווערן די גייסטיקע אינטערעסן אָפּגעשטופּט אין אַ זייט, פאַרדרענגט פון דער שווערער, אויסמאַטערנדיקער פיזישער אַנשטריינגונג. וואָס וויל מען פון דעם מידן, אויסגעמוטשעטן אַרבעטער גוף? נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג באַפאַלט אים דער שלאָף. ווי אַ נעפּל צעשפּרייט זיך די מידקייט איבער גוף און נעשאָמע און פאַרטעמפּט די כושים.

און נאָך מער פאַריאָכט אין דער אַרבעט איז דער פויער, דער פעלד־מענטש. שפּילט זיך אָפּ אָפּט אין זיין נעשאָמע אַ אַנגסטלעכער געראַנגל.

פון איין זייט — דער אידעאַל פון פּראָדוקטיווער ערד־אַרבעט, וואָס גיט דיר די געזונטע באַפרידיקונג פון אַ ערלעך לעבן און פון דער צווייטער זייט — די גייסטיקע שעפערישקייט, די עקספּאַנסיוויטעט פון דיינע אינטעלעקטואַלע פעאיקייטן און דער טיפער באַוואוסטזיין אַז אַף אָט דעם פעלד ביסטו אַ סאַך נוצלעכער.

צו די טויזנטער אַקערבויער, וואָס צום פּאַך זייערן פאָדערט זיך ניט קיין איבעריקע קענטעניש, ווען עס קומט צו נאָך איינער, איז ניט אַזאַ גרויסער געווינס. דאָס אַקערפעלד וועט סיי ווי סיי באַאַרבעט ווערן! ווען אָבער פונעם הייפעלע פויערים שרייבער, וועמענס באַרוף ס׳איז צו קולטיווירן דאָס אַקער פעלד פון שווערע, פאַרפּלאָנטערטע און בלוטיק ערנסטע אַגראַר־פּראָבלעמען, פאַלט אָפּ איינער, די אָנגעשטרענגטע פיזישע אַרבעט דערדריקט אים, שלינגט אים איין — דעמאָלט איז עס אַ גרויסער פאַרלוסט, מאַכמעס קליין איז די צאָל פון די וואָס זיינען דורכגעווייטיקט מיטן צאַער פון אונזערע פויערים, וואָס וויקלען אויף צומאָל דעם פּלאָנטער, וואָס לויכטן דורך מיט זייער גייסט אַ וועג צו אַ בעסער לעבן.

געוועזן צייטן, און זיי זיינען נאָך ניט אינגאַנצן פאַרגאַנגען, ווען אונזערע „אידעאַליסטן” האָבן די פּראָסטע ערלעך־פּראָדוקטיווע ערד־אַרבעט, געשטעלט העכער פון וועלכער עס איז גייסטיקער שעפערישקייט. „קראַנקהאַפטיקע אינטעליגענטישקייט”, איז פאַרכויזעקט געוואָרן, געזונטע האָרעפּאַשנעקייט, דערהויפּט ערד אַרבעט, איז דערהויבן געוואָרן. געוויס איז דאָס אַ שיינער זשעסט צו אידעאַליזירן די אַרבעט. נוצלעכע, אָנגענעמע אַרבעט איז די רעליגיע פון דער צוקונפט. מיר טאָרן אָבער ניט פאַרזען דעם גייסטיקן פאַקטאָר, די איידעלע שעפערישקייט פון אינטעלעקט וואָס לעבט אויף דעם באַוואוסטזיין אין די האָרעפּאַשניקעס, וואָס לאָזט זיי ניט פאַרגליווערט ווערן אינם רוטינערן שטייגער, וואָס ווייזט זיי אַ וועג צו מער פאָלקאָמערע לעבנס־פאָרמען.

אַרבעטזאַמע פויערים — זייער אַ גוטע זאַך. טויזנטער פאַרמיטלער, פּאַראַזיטן און שאַכערינקעס קוקן אָבער אַרויס אַף דער נאַאיוועקייט פון אָט די פויערים. זיי זיינען צופרידן אָט די דורכגעטריבענע סוחרים פונם אַרבעט־אידעאַליזם באַ די אַקערבויער. דאָס איז אַ גלענצנדיק געשעפט. פיינע וואָליקע שעפעלעך צום שערן. געטרייע שקלאַפן מיט ליבשאַפט צום יאָך, וואָס זאָרגן זיך שוין אַז די „האַרן פון לעבן” זאָל גאָר ניט פעלן. דעריבער איז פונקט אַזוי וויכטיק, אָדער נאָכמער, צו קולטיווירן דאָס ברייטע אַקער פעלד פון אונזערע פאַרפּלאָנטערטע אַגראַר־פּראָבלעמען, אַזוי וויכטיק אָדער נאָך וויכטיקער, ווי צו באַאַרבעטן דאָס פעלד מיטן אַקער אייזן אין האַנט. אונזער פּראַצע טאָר ניט פאַרוואַרלאָזט ווערן. ווילד גראָז וואַקסט אָן אַף אונזער אַקערפעלד. מען מוז קולטיווירן, רייניקן, וועקן דעם באַוואוסטזיין, אָרגאַניזירן אונזערע פויערים אין קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן. אָט דער באַרוף איז נאָך שווערער ווי צו אַרבעטן מיטן אַקער־אייזן!

## יאַנקעוו באַטאָשאַנסקי

# און עס בלייבט גאָרנישט

דערציילונג.

וויפל מאָל איך טינק איין די פעדער און איך וויל אָנהויבן באשרייבן די לעבנס־געשיכטע פון שמואל גייסטיקער, אַזוי פיל מאָל מוז איך זיך פאַרטראַכטן און אַז איך פאַרטראַכט זיך, קלער איך שוין וועגן דעם, אַז עס זיינען פאַראַן אידן מיט אייגענע געשטאַלטן און אידן אינגאַנצן אָן געשטאַלטן. איך זאָג אידן, נישט וויל בּאַ מענטשן בכלל איז נישט אַזוי, נאָר ווייל איך באַשרייב אַ אידן.

שטעלט אייך פאָר עפּעס אַ שטאָט אין דער ווייטער פּראָווינץ אין אַרגענטינע, וואו אַרום און אַרום איז גליענדיק היים און ווינטן שמייסן קעסיידער די זאַמדן און מאַכן בלינד די אויגן. און מענטשן וואוינען דאָרט נאָך האַלב ווילדע און גאַנץ פוי־לע. די דאָזיקע מענטשן טרינקען מאַטע און דערציילן מייסעס פון אַמאָל, גלייך עס וואָלט גאָר קיין איצטער נישט געווען. די דאָזיקע מענטשן וואָלטן קיינמאָל נישט געאַרבעט, ווען זיי זאָלן נישט געטריבן ווערן צו דער אַרבעט בעיאַר כאַזאַקע און מיט דער נאַגייקע. און אָט אין דער שטאָט וואוינען עטלעכע הונדערט אידן, וואָס גייען גאַנצע טעג אַרום מיט פּעקלעך און זוכן ברויט. און אַז זיי האָבן ברויט, זוכן זיי קוילעטש און אַז זיי האָבן קוילעטש, זוכן זיי אָף, זוכן זיי זיידנס, זוכן זיי אַ פּיאַנאָ פאַר דער טאָכטער, זוכן זיי בריליאַנטן, זוכן זיי גלאַט געלט.

זיי האָבן אַלע פּעקלעך אויף די פּלייצעס און טייוועס אין די הערצער און מער דוכט זיך גאָרניט. פאַרליבט זיך אַמאָל זייערע אַ טאָכטער אין אַ ניט־אידן, האָבן זיי יעסורים, האָבן זיי נישט קיין פּאַרנאָסע, האָבן זיי נאָך מער יעסורים. און שוין. זיי הויבן נישט אויף די אויגן העכער און שטעלן זיך קיינמאָל נישט אויף די שפּיץ פינגער. זיי ווילן נישט וויסן, וואָס ווייטער איז און וואָס העכער. זיי האָבן אפילע קיין רעכטע נעמען נישט. אַמאָל האָבן זיי נאָך געהאַט נעמען אייגענע, וואָס האָבן זיך צו זיי געפּאַסט. הערש, פּיניע, איסראָעל... היינט הייסן זיי: גרעגאָריאָ, פּעדראָ, סאַנטיאַגאָ. זיינען דאָס עפּעס יאָ און נישט קיין נעמען.

און קיין געשטאַלטן אייגענע האָבן זיי אויך נישט. זיי ווערן אַלע קיילעכיק ביי די בייכער, פאַרגאָסן ביי די אויגן און זיי שוויצן זומער און ווינטער. די דאָזיקע אידן וואָלטן געקאָנט אין איין דאָר פאַרלירן אפילע דעם זיקאָרן און אין צווייטן דאָר מעגאַדעל זיין אָן אוילעם פון קאַודיזשאָס 1), וואָס וועלן פאַרשמייסן די האַלב ווילדע און גאַנץ פוילע פון אַרום, אַזוי ווי עס פאַרשמייסן זיי די געלערנטע זין פון די פּריצים.

מאַכט זיך אָבער, אַז עס באַווייזט זיך איינער פון זיי, וואָס האָט אָן אייגענעם נאָמען און אָן איינגן געשטאַלט און ער גאַנוועט זיך אַריין אין די מויכעס און הער־צער פון אַלע און לאָזט נישט רוען. און די אַלע, וואָס האָבן זיך געקאַטשעט אויף אַראָפּ, הויבן זיך אָן דראַפּען אויף אַרויף. אַזאַ מענטש הויבט אָן דערציילן, אַז נישט אַלץ איז נאָך אין פּעקל און אין דער טייווע. פאַראַן עפּעס, וואָס איז ווייטער און עפּעס, וואָס איז העכער און ער רעדט וועגן אַ ביבליאָטעק מיט אַ בוך אַ אידישן און וועגן אַ שולע, וואו מען זאָל לערנען אַ קלאַנג אַ אידישן און אַ וואָרט. צו וואָס אַ שולע, אַז אַרום זיינען פאַראַן שולעס און די קינדער לערנען זיך. אָט אַ פּאָנים, ביכדיי צו מאַכן אַ ביסל יאָנטעווודיק אין די הערצער פון די קינדער און

1) קאַציקן.

ביכדיי צו קאָנען קוקן העכער און ווייטער און ער ווייסט אַליין אויך נישט צוליב וואָס.

און עס געשעט א וואונדער: צוליב דעם איינעם קרינן שוין אַלע א ביסל נעשטאלט. עס איז נעגליכן צו א הויפן נולן. אַליין זיינען זיי גאָרנישט, קומט אָבער צו אָן איינס פאַר זיי, קרינט יעדע נול א ווערט און א נאָמען...

און שמואל גייסטיקער איז געווען אזא מין איד, וואָס האָט אַליין נעהאט א געשטאלט און האָט נעגעבן א קיבוץ פון א פאָר הונדערט אידן א געשטאלט.

נעקומען קיין ארגענטינע איז שמואל גייסטיקער צוריק מיט אריבער דרייסיק יאָר, ווען ארום און ארום איז נאָך געווען גאָר וויסט. און געווען איז ער דעמאָלט שוין א יונגערמאן פון גוטע עטלעכע און צוואנציק יאָר. און חוץ די יאָרן זיינע, האָט ער קימאט גאָרנישט מיטנעבראכט. נישט קיין מעלאָכע און נישט אזא לערע, וואָס מען זאָל פון איר קענען מאכן א האק צו ארבעטן מיט איר. ער האָט געקענט „וידבר" און ער האָט גערעדט, „ויאמר" און ער האָט געזאָגט, „אמר אביי", האָט אבאיע נעזאָגט. און ער האָט אויך געקענט זאָגן מיט א געמאָרע־ניגון פושקינס „פריבעזשאלי וו איזבו דיעטי" — זיינען געקומען אין שטיבל די קינדער, „ווטאָראָפּיאך זאוואוס אָטצאָ" — און איילנדיק נערופן דעם טאַטן... עס האָט נישט געטויגט פאַר קיין פּאַרנאָסע.

שמואל גייסטיקער האָט זיך גענומען צום פּעקל. מיט א פּעקל אויף די פּלייצעס איז ער צוגעגאַנגען צו א הויף, א פּאַטש געטון מיט די דארע הענטלעך און אראָפּגעלאָזט דאָס בלייכע, טונקלע פּאָנים צו דער ערד. ער האָט נישט געקוקט אויף דעם קוינע און דער קוינע האָט נישט געקוקט אויף אים...

א נידעריקער איז ער געווען שמואל גייסטיקער און א דארער. ער האָט זיך דערצו טאָמיד געהויקערט און אויסגעזען נאָך נידעריקער. דאָס פּאָנים איז בא אים געווען א לענגלעכיקס, א גאָר טונקעלס און א בלייכס. די אונטערשטע ליפּ האָט אים א זאַפטיקע ארויסגעשטאָרשטעט און פון די לענגלעכיקע אויגן האָט אים געשפּריצט א גוט פייער. די פרישטשעס אויפן פּאָנים און די סוטולעוואַטעקייט האָבן דערציילט, אז טייוועס און ליידנשאַפטן האָבן אים געבראָטן און ער האָט זיך מיט זיי נעראַנגלט.

האָט ער אזוי „געקלאַפּט" און געוואַנדערט ביז וואַנען ער איז אָנגעקומען אין א שטאָט אריין אין דער פּראָווינץ און דאָרט איז ער געבליבן. גלאַט אזוי געבליבן, נישט וויסנדיק פאַר וואָס. די שטאָט איז אים אַנטקעגן געקומען, אזוי ווי עס קומט אַמאָל צו א וואַנט ביזן פּאָנים. און אין דער דאָזיקער שטאָט האָט ער געטראָפן אריבער פופציק אידישע מישפּאָכעס, וואָס האָבן זיך געקאַטשעט אראָפּ און זיך געפּאַשעט. קיין פּיצל דייגע נישט געהאט און קיין פּיצל בענקשאַפט.

און שמואל גייסטיקער האָט צוזאמענגענומען עטלעכע אידן און זיי געזאָגט מוסער. וואָס צו זאָגן האָט ער אַליין נישט געוואוסט. אז פרום איז ער שוין לאַנג אַליין נישט געווען און קיין אַפּיקאָרסעס האָבן זיי נישט געדארפט. זיי האָבן סיי ווי קימאַט אין גאָרנישט געגלויבט, אויסער און אין דעם, אז גאָט העלפט...

שמואל גייסטיקער האָט געזאָגט צו די אידן:

עפּעס זיינען מיר גאָרנישט ווי אידן און גאָרנישט ווי מענטשן. עפּעס דארף מען דאָך, כויץ דעם עסן, שלאָפן און מאכן געלט.

האָט איין איד געזאָגט־ א שול צום דאַווענען.

אן אַנדער איד האָט געזאָגט: א אידישען בייס אוילעם.

א דריטער האָט געזאָגט: א טאַלמוד טוירע.

און איינער האָט גאָר גערעדט פון א מיקווע.

און נאָך איינער האָט געזאָגט: ציוניזמוס.

און שמואל גייסטיקער האָט קימאַט צו אַלע פּידטאַקעוועט. אָבער מער פון אַלעמען איז אים איינגעגאַנגען א טאַלמוד טוירע און א... דאָ האָט ער שוין נישט געוואוסט, צי א „ציוניזמוס", צי א שול צום דאַווענען. סיי דאָ, סיי דאָרט וועלן זיך

אידן צוזאַמענקומען און קוים צוזאַמענסומען, ווערט מען שוין מענטשן, אידן, איז שוין אביסל אַנדערש.

און שמואל גייסטיקער אַליין איז טאַקע געוואָרן לערער. ווי אַזוי צו לערנען מיט די קינדער, האָט ער נישט געוואוסט, אָבער ער האָט אַריינגעטון דאָס גאַנצע האַרץ, דאָס גאַנצע פּאָנים מיטן גאַנצן האַרצן האָבן אים געזונגען, ווען ער האָט געלערנט די קינדער און די צעלאָזענע קינדער האָבן אים ליב געהאַט, ווייל ער איז זיי אַ סאַך מאָל געווען צום האַרצן און ווייל ער האָט טאָמיד געלאָזט פון זיך כוי־זעק מאַכן.

און נישט נאָר ווי אַזוי צו לערנען, האָט שמואל גייסטיקער נישט געוואוסט, נאָר אויך וואָס צו לערנען. האָט ער זיך אַליין אויסגעטאַפּט אַ וועג. ער האָט מיט די קינדער געלערנט כומעש, ווי אַזוי מ'האָט די וועלט באַשאַפן און ווי אַזוי אידן האָבן געלעבט אין ערעץ איסראָעל און פון די אידישע ביכער האָט ער געלערנט ווי אַזוי די אידן האָבן געלעבט אין רוסלאַנד. אים איז אויסגעקומען, אַז מענדעלע און שאָלעם אַלייכעם זיינען אַלצאַיינס, ווי דער כומעש און די ערשטע ביכער פון טאַנאַך...

און מ'האָט געמאַכט ביידע: אי אַ שול צום דאַווענען, אי אַ „ציוניזמוס“. טאַקע אין דעם זעלבן כיידער, וואו מ'האָט בייטאָג געלערנט מיט די קינדער און אמאָל אין אַ יום טוב האָט מען געדאַוונט, האָט מען איינמאָל אין דער וואָך געמאַכט „ציוי־ניזמוס“. מען איז זיך צונויפגעקומען, גערעדט. מ'האָט באַצויגן שקאָלים, נאַציאָנאַל פאָנד פּושקעס. פאַר די אידן איז ביים אָנהויב פאָרגעקומען, אַז דאָס איז אַ סכוירע, וואָרום אויב ניט, — פאַר וואָס צאָלט מען דערפאַר?..

און שמואל האָט געדאַרפט אַריינקנעלן און אַריינקלאַפּן זיי אין די קעפּ אַריין, אַז ס'איז אַן אידעאַל, נישט קיין סכוירע...

דערנאָך זיינען שוין אַוועקגעגאַנגען יאָרן און דער אישעוו איז זיך אַוועק מיט איין וועג און שמואל מיט אַ צווייטן. ער איז געווען אַלצאַיינס, ווי די איבעריקע מענטשן, נאָר דערמיט, וואָס ער האָט כאַסענע געהאַט און געהאַט צוויי זין מיט אַ טאָכטער. מיט אַלעם אַנדערן איז ער געוואָרן אַן אַנדערער. ער האָט איבערגע־לייענט טויזנטער נייע ביכער און אַרויסגעלערנט פון זיי הונדערטער נייע טוירעס. ער איז געוואָרן אינגאַנצן אַן אַפּיקוירעס, אין גאָט און אין דאַווענען האָט ער אויפ־געהערט גלויבן, אָבער אַז עפּעס איז דער מענטש דאָך נישט קיין בעהיימע און קיין כאַיע, האָט ער פאָרט געגלויבט. און דערנאָך איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די וועלט פירט זיך נישט אַל פּי יוישער, אַז מען דאַרף אַ נייע אָרדענונג. ער האָט נאָך נישט געוואוסט וואָסאַראַ סאָציאַליסט צו זיין: אַ ציאָניס־טישער, אַן אַנאַרכיסטישער, אַ בונדיסטישער, צו גלאַט אַ... מענטשלעכער. און ער האָט נים געוואוסט, ווי אַזוי צו מאַכן, אַז די אידן זיינע זאָלן קעמפן פאַר יוישער און סאָציאַליזם. מאַכן אַ פּאַרטיי פון זיי?

צו די קינדער האָט ער אַביסל אויסגעלאָזט דאָס האַרץ און זיי גערעדט וועגן פרייהייט און וועגן יוישער און זיי געפירט אויף ווייטע וועגן. אָבער די עלטערן האָבן זיך אומגעקוקט אויף דעם. שמואל איז געווען פאַר זיי אי אַ מעשאָרעס זייערער, אי אַ האַר. אבי ער האָט איין באַלעבאָס נישט אָפּגעגעבן מער קאָוועד ווי דעם אַנדערן, איז געווען גוט. און געזאָגט האָבן זיי:

— אַ פרייע שול... מאַכטייסע... אבי לערנען אַ קאַדיש און דאַווענען אַ ביסל...

נאָר ווען ער האָט זיי אין „ציאָניזמוס“ דאָרט, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „תפארת ציון“ אָנגעהויבן צו ריידן וועגן נייע וועגן, האָבן די אָרעמע אידן געהערט, — די רייכערע האָבן גאָר געגעניצט און געזאָגט האָבן זיי אים:

— איך זענט טאַקע גערעכט, אָבער פון אַזעלכע זאַכן איז בעסער נישט צו ריידן! כאָטשע פּאָקרישקע, ר' שמואל.

אזוי האָבן זיי אים טאַקע געזאָגט: ר' שמואל. ער קומט צו זיי מיט ק אַ ר ל מ אַ ר ק ס ן און ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן און זיי „רעב"...

און נעקלערט האָט זיך שמואל גייסטיקער, אז דער ריבוינע שעל אוילעם האָט זיך אויך ארומגעדרייט מיט דער טוירע צו אַ סאַך פעלקער און זיי האָבן זי נישט נעוואָלט אָננעמען... וואָרום ווי גוט ער האָט ניט געקענט די אַלע נייע זאכן, איז מאַמאָשעסדיק פאַר אים נעווען, אָדער אַ מייסע פון די אַלטע ספאָרים, אָדער אַ בילד פון זיין קינדהיים.

פונדעסטוועגן האָבן זיך מיט יאָרן שפּעטער נעפונען אַ פּאָר אידן, וואָס האָבן נעפרעגט, וואָס „אזא מין", ווי שמואל טוט אין אַ טאַלמוד טוירע.

שמואל גייסטיקער איז דעמאָלט אַלט געווען אריבער פופציק, אויסגעזען האָט ער שוין ווי אריבער זעכציק און זיין טאָכטער, וואָס איז געווען די יונגסטע, איז שוין נעווען אריבער די צוואַנציק און האָט שוין נעאַרבעט אין אַן אַפּטייק. דער עלטסטער זון איז שוין נעווען גוטע עטלעכע און צוואַנציק. האָט מען שמואלן נעהאַלטן אין טאַלמיד טוירע; קיין בייזער איד, וואָס זאָל אָנפילן מיט סאַם די גאַנצע סוויווע, איז גראָד נישט געווען. האָבן זיך די אידן נעקלערט: זאָל זיך שמואל דאָרט טראַכטן וואָס ער טראַכט זיך, ער זעט שוין סיי ווי אויס, ווי אַן אַלטער איד. ער טראָגט נישט קיין באָרד און זעט אויס ווי מיט אַ באָרד, אי דאָס, אַ גרויער...

און שמואלן האָט געערגערט, וואָס מען קוקט זיך אזוי נישט אום אויף אים. ער וואָלט שוין גיכער נעוואָלט, מען זאָל אים אָפּזאָגן... ווייל שמואל האָט נעהאַט אין דער היים אַ סאַך צאָרעס און שטאַרק ווי נעטון האָט אים, וואָס זיין עלטסטער זון מאַכט אים צאַ"נישט. דער עלטסטער זון איז נעווען אַ מאַכער אין דער אָרטיקער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע און כאָטש דער פאָטער האָט זיך אויך נעהאַלטן פאַר אַ קאָמוניסט, האָט דער זון אים נישט נעגלויבט. „און וויעבאָ רוסאָ — האָט ער נעזאָגט — אי נאָרא מאָס"2).

שמואל האָט פון טאָמיד אָן זיך נישט איינפאַרשטאַנען מיט דער פרוי. זיין פרוי האָט אים נעהאַלטן פאַר אַ באַטלען, אַ גאָרנישט, וואָס קאָן קיין געלט נישט פאַרדינען. מיט די קינדער האָט זי, אים אויף צעלאָכעס, גערעדט שפּאַניש. זייענדי קינדער געוואַקסן פרעמד צו אים. נאָר די טאָכטער האָט זיך נעהאַלטן נאָענט צו אים. האָט זי גראָדע נעדאַרפט זיך פאַרליבן אין אַ קריסט. האָט דאָס שמואלן ווי נעטון. פאַר וואָס עס האָט אים ווי נעטון, האָט ער אַליין נישט געוואוסט. ער איז דאָך אַ קאָמוניסט און אַ רעוואָלוציאָנער און פאַרשטייט, אַז קיין כילעק צווישן איד און נישט איד איז נישטאָ. עס איז דער זעלביקער קערפּער... אָבער עפּעס האָט אים ווי נעטון, פונקט, ווי עס האָט אים ווי נעטון, וואָס די קינדער ריידן נישט קיין אידיש, כאָטש — וואָס איז דען דער כילעק צווישן אידיש און שפּאַניש? אַ שפּראַך אין אַ שפּראַך. זיך אַליין האָט ער פאַרענטפערט: „אַז עס קומט צום סאַמע איקער, ווייסן מיר קיינמאָל נישט דעם „פאַרוואָס"... פאַרוואָס לעבט מען? פאַר וואָס איז מען זיך מויסער נעפעש פאַר די אייגענע קינדער און מען גיט זיי אוועק דאָס גאַנצע לעבן?..

און דער זון האָט זיך מיט אים גערייצט: — וואָסאַראַ קאָמוניסט — האָט ער אים נעזאָגט — ביזטו, אַז ביי דיר איז אַלץ אידיש און דו האָסט מורא, וואָס דיין טאָכטער וועט שלאָפן מיט אַ נישט געמאַלעטן?..

אַף צולאָכעס האָט דער זון נערעדט גראָב צום פאָטער. אזוי איז ער דאָך נישט געווען קיין ציניקער און פלעג אפילע אַמאָל זיין סענטימענטאַל. ער האָט דעם פאָטער פיינט נעהאַט, ווייל ער האָט זיך געשראָקן פאַר אים. עס האָט זיך אים נעדוכט, אַז ערגעץ טיף אינעווייניק איז דער פאָטער נערעכט. און דער פאָטער האָט זיך אויך נעהיצט:

2) אַז אַלטער איד און מער גאָרניט.

— קאָמוניזם — האָט שמואל געזאָגט — איז אַן עקאָנאָמישער.סיסטעם, וואָס קער זיך דאָס אָן מיט יאָ אידיש, צי נים אידיש...

און שמואל האָט געוואוסט, אַז דאָס זיינען שיטערע רייד. און דער זון האָט געשטורעמט:

— פאַר וואָס נאָר עקאָנאָמיש? אַ גאַנצע רעוואָלוציע און אַ באַפרייאונג פון שאָוויניסטישע און קנעכטישע פאָרורטיילן. פאַר דיר וואָלט דאָך לענין אויך געווען אַ גוי... און מיט וועמען וועסטו דאָ זיין אַ קאָמוניסט? האָסט דאָך נישט קיין ארבעטער צווישן דיינע אידן.

— עס זיינען דאָ נישטאָ — האָט שמואל זיך אָנגעשטרענגט צו בלייבן רואיק און דאָס בלוט האָט אים געבריט — זיינען דאָ ערגעץ אַנדערש אידישע ארבעטער.

— גיי זשע ערגעץ אַנדערש — האָט דער זון געשניטן מיט די ווערטער — דאָ איז אידיש די טאַלמוד טוירע, די שול און דער ציאָניזם...

איז אים אויסגעקומען שמואלן, אַז ער טרינקט קעסיידער סאַם. דאָס ווייב גיסט אין אים אריין סאַם, דער זון און טאַקע דאָס גאַנצע לעבן. ביי זיך האָט ער געוואוסט אַז דער זון איז נישט לינקער פון אים, קיינער איז ניט לינקער פון אים, אָבער אַלט האָט ער זיך געפילט. ער האָט שוין גאָרנישט געדענקט, צו ער איז אַמאָל יונג געווען.

איינמאָל איז ער אריינגעקומען צו דער טאָכטער אין אַפטייק אריין און קיינער איז נישט געווען. האָט ער זיך געזעצט שמועסן מיט איר. אַלץ וועגן גויאישן כאָסן. ער האָט איר געוואָלט איבערצייגן, אַז עס וועט נישט זיין גוט. כאָסענע איז סיי ווי אַ קריג, אַ מילכאָמע. אַז אַ שניידער האָט כאַסענע פאַר אַ שוסטערס אַ טאָכטער, שרייט ער איר שוסטערוטשקע. היינט נאָך אַ קריסט פאַר אַ אידישקע. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס עמעסע וואָרט קומט אים נישט. ער האָט זיך צוגעקוקט צו איר. אינגאַנצן ער, איז זי געווען. אַ קליינע, אַ שווארצע, גאָרנישט קיין שיינע. וואָס האָט דער שייגעץ דערזען אויף איר? כאָטש... כיין האָט זי געהאַט, אַ סאַך כיין. אינגאַנצן זיינע איז זי. גראָד זי רעדט מער אידיש פון אַלע קינדער און איז אים נאָענטער. נעמט מען זי אים צו. ווען אַ איד האָט פאַר איר כאַסענע, נעמט ער זי ניט צו?.. מיסטאָמע אויך...

און ער איז אוועקגעגאַנגען פון איר מיט נאָך אַ ביסל סאַם אין בלוט. אים, האָט געבירעשט, פאַרוואָס דאָס האַרץ האַלט זיך נאָך אין אים. די טאָכטער האָט אים געקוויקט דאָס האַרץ און דער עלטסטער זון האָט זיך דאַווקע אוועקגעלייגט, אַז די שוועסטער זאָל כאַסענע האָבן מיטן קריסט. ער האָט זיך אַליין געוואָלט איבערצייגן, אַז ביי אים איז שוין אַלציינס, נאָר ערגעץ האָט אים נאָך עפּעס געשראָקן...

ביי דער טאָכטער טאַקע האָט שמואל גייסטיקער געפּאַקט אַ פלעשעלע סאַם און ער האָט דאָס אַזוי לאַנג געהאַלטן, ביז ער האָט שוין מער נישט געקענט און באַם איינעמען האָט ער געזאָגט: „ברוך דין אמת“... אַזוי איז אים אָנגעקומען.

---

אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט מען דעם באַוור שמואל גייסטיקער געוואָלט מאַכן אַ לעוואַיע און שיקן רויטע פאָנען. פריער מיט עטלעכע טעג איז געשטאָרבן אַן אַנדער באַוור, האָט מען אים אויך געמאַכט אַ לעוואַיע. אָבער דער זון אַליין האָט נישט דערלאָזט. „ער איז נישט געווען — האָט ער געזאָגט — קיין קאָמוניסט, ער איז געווען אַן אַלטער איד...“

און דער עלצטער זון איז נישט געגאַנגען צו דער לעוואַיע אויך. דער צווייטער זון איז יאָ געגאַנגען. אָבער ער איז סיי ווי עפּעס ווי יאָ און נישט געווען... די טאָכטער איז געגאַנגען, ווי אַף אַ פרעמדער לעוואַיע. איר איז אויסגעקומען, אַז זי געזעגנט זיך איצט מיטן אידן אויף אייביק. איז שוין אויסגעקומען, אַז שמועלן לייגט מען אריין אין דער ערד און עס בלייבט גאָרניט פון אים... גאָרנישט...

יאָסעף ראַבינאָוויטש

# אין דער פרעמד

(דערציילונג)

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין זיין צימערל, האָט זיך געזעצט אין בעטל, און אַנגעקוקט די פינסטערניש, וואָס האָט זיך ניט גערירט אַף קיין שום זייט, וואו ער האָט געקוקט. דער נעפּל פון איבערגעריסענע טרוימען האָט זיך ווי א טוי אַף זיינע געדאַנקען געדעקט. איז אים שווער געווען צו באַנעמען, אין וועלכער וואַנט איז די טיר. ער האָט זיך פּאַוואָליע אַראָפּגעשטעלט און פּאָרויסגעבויגן ווי א שפּיאָן, האָט ער געשנאָרכט אַף די אומבאַקאַנטע ווענט, און אַנגעטאַפּט דאָס טישל, האָט ער אָבער ניט געקענט פאַרשטיין, פון וועלכער זייט ער זאָל טאַפּן די טיר. באַלד אָבער האָט ער דערהערט דאָס קרעכצן פון א בעט, דאַן האָט ער פּאַוואָליע אַנגעטאַפּט די טיר צו זיין ברודער. ער האָט זי גרינג און אָן רויש געעפנט — און איז אריין זען דעם זייגער.

ער האָט געקוקט צום וואַנט זייגער, נאָר די שאָטנס האָבן אים באַלאַנערט, אַז נאָר א בלייכער שטרייף פון ציפערבלאַט האָט זיך געוויזן. איז ער אזוי צוגעגאַנגען צום נאַכט־טישל, וואָס שטייט באַם בראָנזענעם בעט. דאָס גרינע ליכט אַפן נאַכטטישל האָט אים אומהיימלעך געוואָרנט, נאָר ער איז צוגעגאַנגען, ניט ווילנדיק האָט ער געוואָרפן זיין אויג אַפן בעט. אַניטאַ, די פריינטלעך פרעמדע שוועגערן זיינע, וואָס האָט אים פאַרן שלאָף אריינגעטראָגן א גלאָז טיי אין זיין צימערל, איז איצט געלעגן. די רונדע ליניען פון אירע אַקסלען האָבן זיך איבערגעגאָסן אין די זינגענדיקע פאָרמען באַ איר בוזעם, אין צוויבערלעכן שיין פון גרינעם ליכט.

לאַזאַר, ווי דער ברודער האָט אים דאָ א נאָמען געגעבן באַ זיין אָנקומען, איז אַלץ געשטאַנען פון דער זייט, ווי א געמאָלט בילד אָן באַוועגונג, נאָר טיף האָט אין אים דער טרויער פון זיכרוינעס געמאַטערט. ער האָט זיך גרינג דערמאָנט, ווען ער פלעג אים שלאָגן דעם נישטיקן ברודער זיינעם, וואָס פלעגט פון זיין טאַש שטענדיק אַרויסגאַנוועט געלט. און איצט איז ער דער באַלעבאָס איבער אים, שענקט אים שמייכלען און שענקט אים פּעזעס, און ליגט איצט אין אַזא טיפער רואיקייט און שלאָפט, מיט אַזא צאַרטער פרוי אין באַריר. לאַזאַר האָט זיך אין דער מינוט אַראָפּגעבויגן, ווייל זיין ברודער האָט זיך אויפגערירט פון שלאָף, האָט אויסגעצויגן א נאַקעטע האַנט און איר לייכט אַריבערגעבויגן איבער איר נאַקעטן נאַקן, וואו א י ר האַנט האָט זי פרידלעך צוגעצויגן.

דער זייגער איז געווען איינס מיט עטלעכע מינוט, ווען לאַזאַר איז אוועק דורכן פינסטערן דרויסן. די שרעק האָט געגליווערט זיין בלוט. באַם ברעג פון דער איבערגעשניטענער גאַס איז געשטאַנען א פּאָליציסט ווי פאַרוואַקסן צום שטיין. ווען אַן אויטאָ איז פאַרביינגעפאָרן, האָט זיך זיין שטעקעלע פון האַנט אויפגעהויבן, נאָר עראַליין איז געשטאַנען פאַרשלאָפן צום שטיין.

ווען לאַזאַר איז אָנגעקומען צו די שטאָטיש ברייטערע גאַסן, האָט ער זיך פריי דערפילט פון דער שרעק און פון אַלע קראַנקע געדאַנקען, וואָס האָבן באַ אים געמאָנט א סאַכאַקל פון זיין לעבן. דאָ האָט ער דערזען אַזוי פיל מענטשן, וואָס זיינען מערסטנס געגאַנגען מיט פרויען באַגלייט. לאַזאַר איז גלייך געגאַנגען צו דער רעדאַקציע. דער וועג איז געווען א גלייכער, האָט זיך ניט געדאַרפט קיין סאַך פרעגן.

אין צענטער, האָבן קאַפּעען געשפּילט, און עס זיינען געזעסן בא טישלעך יונגע מיידלעך און עלטערע שוין ווי ווייבער. כאָטש מענער זיינען געזעסן לעבן זיי, דאָך האָבן זיי געקוקט מיט שמייכלען צו פרעמדע. אַף די מויערן, אין די פענסטער איז פול געווען מיט טונקל פאַרביקער ליכט, וואָס האָט אַזוי זיס און פיינלעך געערגערט דעם אַרבעט־זוכנדיקן לאַזאַר.

פון אַ פּאָר הונדערט מעטער ווייט, האָט שוין די צייטונג אָנגעזאָגט מיט איר רויש, וואָס האָט ווי אַ ווינט־מיל געטריבן די שאָטנס פון אומעט. פון ווייטן האָט זיך שוין געזען אַ מאַסע מענער געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געדרייט בא די ווענט מיט נאָכגעלאָזטע טריט. לאַזאַר איז צוגעקומען. אָבער ווער האָט דען אַף אים אַ קוק געטון? האָט זיך נאָך איינער צוגעשטעלט צום וואַנט. אָבער ווען אַלע האָבן געדרימלט מיט אויסגעבויגענע קעפּ, האָט לאַזאַר יעדן צאַפּלדיקן נעפּעש אָנגעקוקט שאַרף. ער האָט אַזעלכע גאָר קיינמאָל נים געזען. פּיצלעך אינגלעך מיט ברודיק אָפּגעדעקטע לייבער, בלייכע, מאָגערע, מיט דאַרע קנאָכנדיקע פּיסלעך, וואָס שפּרינגען, וואָס צאַפּלען זיך ווי אַף שרויפן. לויפן איינער צום צווייטן, טיילן זיך און קריגן פאַר קליין־געלט וואָס קלינגט אין זייערע שמאַטעדיקע הויזלעך. דער רויכערט, דער גריזשעט אַ פּרוכט, דער לויפט אַלע מאָל אַריין אין טויער. ער קוקט זיי נאָך ווי זיי גיבן אַ פייף מיטן נאָז עפּעס אַף אַ שלאָפנדיקן באָכער באַם וואַנט. און אָט ווי שפּרינג־פעדערס באַלד צאַפּלען זיי צוריק.

לאַזאַרס אָנגעשטרענגט אויער האָט אויפגעכאַפּט אַ אידישן קלאַנג. ער האָט אַריבערגעקוקט און האָט דערזען אַף די געשטאַלטן, אַז דאָס זיינען אידישע יונגען. לאַזאַר האָט זיך צוגערוקט. — אידישע יונגען? — האָט ער גוטמוטיק געפרעגט איינעם פון דער זייט, וואָס האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער איז דער בעסטער — ווען קומט אַרויס די „פּרענסע“?

— די „פּרענסע“? — האָבן זיך ביידע אָפּגערופן, אַ קוק טוענדיק אַפן גרויסן זייגער — זי האָט שוין נעדאַרפט אַרויסקומען. אַ ווײַלע האָבן אַלע דריי געשוויגן. נאָר אַלע דריי האָבן קענטיק געוואָלט עפּעס זאָגן. לאַזאַר האָט אָנגעהויבן: מען קריגט אַרבעט מיט דער „פּרענסע“?

— וואָס זיינט איר?

— איך וועל קענען אַלץ.

— איר ווערט קענען, הייסט עס. און דערווייַלע?

— דערווייַלע — וואָס נים איז. נאָר איך קען נים פאַרשטיין. איך קאָן נים לייענען. כ׳בין נאָך נים לאַנג אָנגעקומען. — דאָ איז שוין זיין שמייכל געקראָכן פאַרויס, אונטערטעניק.

— לאַ פּרענסאַ!

ווי אַ וואַסערפאַל דורך אַ דורכגעריסענעם שפּאַלט פון אַ פעלז, אַזוי האָט אַ קלונג געטון. און אַ שטורעם פון גוואַלדן האָט זיך געפלאָכטן מיט הענט אַף די פּיצלעך צייטונגס־שלעפּער, וועלכע האָבן מיט זייערע פּאַספּאַר־אויגלעך געשלונגען די ציינ־סענטן. דער געלאָף האָט אָנגעפולט די גאַס, ווי פאַרהונגערטע וועלף נאָך אַ סטאַדע לעמער. ביציקלעטן האָבן געמאַכט צאַפּלען די לופט, ווי מען וואָלט מיט קייטן געשלאָגן דעם כאַלעל. לאַסט־אויטאָמאָבילן האָבן זיך גענומען רירן אַף דער מאַסע מיט טעמפּן ברילן, ווי וואַלד־הינט. דער רויש פון דער ראָטאַטיוו האָט זיך געדושעט אונטער דעם שרעקלעכן געמיש פון די מיטנאַכטיקע גוואַלדן. דער געלאָף האָט אָנגעיאָגט פון ׳ביידע זייטן גאַס ווי דער אָנשלאָג פון שטורעמס, וועלכע האָבן געשלייערט די צייטונגס־שלעפּער. הענט איבער הענט האָבן זיך געהויבן און געבויגן איינע די אַנדערע. דורך די פּיס האָט מען זיך צוזאַמענגעדרייטע געקלעמט, ווי ווערים פאַר אַ געפאַר אין זייערע היילן. דער וואָרנדיקער פייף פון די לאַסט אויטאָמאָבילן

האָט קיינעם ניט גערירט. די בעהאָלע האָט געשטיגן ווי צו אַ שלאַכט און האָט שפּעטער צו נאָכגעלאָזט.

לאַזאַר איז אַרויסגעקומען אַ צעביילטער מיט געשטרויכלטע פיס. אַ רעדדיקטערטער האָט ער געשלונגען די נאַסע לופט פון דער אַפּריל־נאַכט, וואָס האָט געלאָשן זיין דערהיצט בלוט. ער האָט זיי נאָך אַלץ צוגעהאַלטן און געבעטן זיי ווי פריינט זיי זאָלן אים אַרויסהעלפן, אָבער זיי האָבן אים ניט געענטפערט. איינער האָט באַלד אַ געשריי געטון: איך לויף! און איז בעלעם געוואָרן ווי אַ שאָטן. דער צווייטער מיט צוזאַמענגעדריקטע ציין האָט געלויערט מיט די אויגן, איבער די שוואַרצע דראַבנע „אַוויסעלעך". באַלד האָט די ציימונג געטון אַ ציטער אין האַנט. ער האָט אַ וויג געטון דעם קאָפּ — ניטאָ קיין אַרבעט!

— לאָזט מיך אָפּ! זעט!

לאַזאַר האָט פאַרשעמט גענומען צוריקגיין הינטער זיך, מיט דער ציימונג אין די פאַרכאַלעשטע הענט. יענער האָט אים באַלד צוריקגערופן:

— וואָס פאַר אַן אַרבעט זוכט איר?

— צו אַלע אַרבעטן. איך האָב קויעך. איך וועל קענען.

יענער האָט אָפּ אים אַ צעעפנטן קוק געטון, און גענומען נישטערן אין ציימונג.

— צו אַ רעפּאַרטאָ פון סיפּאָנעס ט'איר טוינן?

— וואָס איז דאָס?

— אָנפירן פערד קענט איר?

— כ'וועל פּרואוון.

— יאָ, יאָ איר'ט פּרואוון. אין אַ גאַראַזש ט'איר קענען אַרבעטן?

— וואָס איז דאָס?

— וואַשן אויטאָמאָבילן. קומט כ'וועל אייך ווייזן, וואו. ס'איז ווייט, אין אַ פאַרשטאָט. עפּשער איז נאָך קיינער ניט פאַרלאָפן אַהין.

אייניקע זיינען נאָך געבליבן שטיין איבערן וועג, מיט צעשלאָגענע געדאַנקען, וואָס פאַר אַ בלינד שפּיל שפּילט מיט זיי זייער גורל. און ווייזיעס נאָך ברוים נאַרן זיי אַרויס פון די פאַרדרימלטע נאַכטיקע שאָען. שטייען זיי ווי געשפּענסטער, און טראַכטן עפּעס אַזוי שטיל באַ די ווענט.

דער פרעמדער האָט געשפּאַנט פאָרויס, נאָך אים לאַזאַר. באַ אַ ראָג גאַס זיינען זיי געבליבן שטיין. אַ טראַמוויי איז אָנגעלאָפן. זיי זיינען אַריין און אַוועקגעצויגן געוואָרן אין די באַלויכטענע פאַרהוליעטע גאַסן.

— פונעם הימל האָט שוין געשפּראָצט מיט מאָרגן. די מויערן האָבן זיך גענומען צעבינדן פון כווישעך. פון דער ווייטסקייט האָבן די גאַסן אויסגעזען ווי אַלעען אין אַ וואַלד פון אונטער אַ שקיע.

— שפּעטער, ווערן די נעכט קאַלטע, דער וואַסער וועט אייך נעצן דאָס לייב, איך ווייס שוין, אָבער, וואָס זאָגט איר? דער שלאָף וועט אייך פּייניקן.

— ניין, ניין! רעדט מיך ניט אָפּ. רעדט מיך ניט אָפּ! ווי מען זאָל מיר דאַרט ניט פּייניקן, וועל איך אייך שטענדיק דערמאָנען ווי אַ גוטן פריינט.

— אַ שווער לעבן, האַ? איר זיינט נאָך אַ גרינער, איר האָט דאָ עמיצן?

— יאָ, איך האָב אַ ברודער, אַ רייכן, ער גיט מיר וואָס איך דאַרף. ער איז מיר אָבער אַ וואונד אין האַרץ. זיין גוטסקייט פּייניקט מיך. מיין פריינט, איר וועט עס ניט פילן! דעריבער וועל איך אייך מער ניט זאָגן.

דער פרעמדער, דערזעענדיק דעם צוק אָף זיין פּאָנעם, האָט דערוויל די ציימונג אַ בלעטער געטון, אָפּדרייענדיק דעם קאָפּ.

— עס קאָן זיין, אָבער, ווען ס'איז שלעכט, עס איז ניטאָ קיין אַרבעט, עס איז ניטאָ קיין ברויט...

דער פרעמדער האָט אין דעם מאָמענט צוזאַמענגעדריקט זיין פּאָנים און מיט א האַרטן בליק א קוק געטון אין שויב אַף דער גראָער וועלט.

לאַזאַר האָט דערפילט, אַז צוליב אים איז דעם פרעמדן געוואָרן ענג, האָט ער עפּעס געזוכט בעסערע ווערטער, כאָטש אים האָט איבערן גאַנצן לייב געקלעמט.

אָט די אַלע, וואָס האָבן געוואַרט אַף דער ציַיטונג, וואַרטן זיי דאָס אַלע אַף אַרבעט?

— וואַרטן זיי דאָס אַלע אַף ברויט. ווען איך וואָלט געהאַט, ווי איר זאָגט, א ברודער א רייכן.

— איך זאָג אייך דאָך, איר וועט עס ניט פילן, איך זאָג אייך דאָך, ער גיט מיר עסן, נאָר איך גיי אַרום א הונגעריקער, און עס ניט. איר פאַרשטייט? עס איז ניט גוט. באַ א באַלעבאָס איז בעסער. ווייסט איר, אָט דער זעלביקער, ער איז אינ־גער פון מיר, איך האָב אים פיינט געהאַט, ער איז געווען א צעלאָזענער יונג, און פלעגט מוירע האָבן פאַר מיר, ווייל מיר האָבן זיך געהאָדעוועט באַ א פעטער. א פּאָר מאָל האָב איך אים ניט אַריינגעלאָזט אין שטוב נעכטיקן, און איצט, ווען איך עס באַ זיין טיש, מיט אים צוזאַמען, דערמאָן איך זיך עס, און מיר דוכט זיך, אַז ער דערמאָנט זיך עס אויך, ווייל ער לאַכט, ער קוקט מיר אָן און לאַכט. איצט עס איך שוין ניט באַ אים. איך קום צוגיין און איך זאָג: איך האָב שוין געגעסן. ווען איך הונגער, אַרט מיר ניט אַזוי, ווי ווען איך עס, און ער לאַכט, ער קוקט מיר אָן — און לאַכט.

איינער לעבן אַנדערן, האַרט, איינער צוגעדריקט צום אַנדערן, זיינען זיי אַזוי געבליבן שטיין, אין ווינקל, אונטער א בלעכענעם דאַך, ווי די שאָף אין א רעגן, אוןביידע האָבן געקוקט גלייך אַנטקעגן. אַנטקעגן איז איינער פאַרבייגעגאַנגען מיט א פולן קויש געבעקס, און א לאַנג ברויטל איז אַראָפּגעפאַלן. דער ברויט־טרעגער איז אַוועק, הינקנדיק צוליבן שווערן קויש אַפן האַנט. לאַזאַר מיטן פרעמדן האָבן אַזוי געקוקט, נאָר א פויגעלע איז אָנגעפלויגן פון א בוים, באַלד א גאַנצער עסקאַדראָן. דאָס ברויטל האָבן זיי גענומען שלעפּן. דעם פרעמדן האָט דערביי עפּעס געמאַטערט. ער איז געלאָפן און זיי פאַנאַנדערגעיאָגט, און דאָס צעביסענע ברויטל איז ווייטער אַזוי געבליבן, אָבער לאַזאַר האָט זיי, די פויגעלעך, פון אייביק אָן טיף ליב אין זיין נעשאָמע, האָט ער דעם פרעמדן געזאָגט: „איך האָב זיי דאָך ליב אַזוי, און איך וואָלט עס זיי געלאָזט עסן“. באַלד איז אָנגעלאָפן א פור, דער פרעמדער איז עס שוין געלאָפן צונעמען, נאָר אָט איז עס צעדריקט געוואָרן פונם ראָד, דער פרעמדער איז צוריק געגאַנגען מיט א קלאָלע אַף די ליפּן, לאַזאַר האָט אים געטרייסט: די פויגעלעך וועלן עס אויפעסן.

— דאָס האָט דאָך געקאָנט אויפעסן א מענטש!

ס'איז נאָך געווען טונקל גראָ, דאָך האָט איבערגעציילט לאַזאַר אכצן מאַן. איי־נער ענלעך אַפן אַנדערן. אַזוי ווי מען זעט אַמאָל א סטאַדע קי, אָפּגעקליבענע באַ א פּאָרעץ פון איין „מאַשטש“, אַלע זיינען געשטאַנען פאַרכמורעטע, מיט אָנגענורטן שוויינן אַף די פּענימער. מיט נאַסע גליווערדיקע אויגן. אַלע האָבן זיך געקליבן באַם טויער און זיך געהאָרבעט אין קילן פרישן מאָרגן. באַלד האָט זיך באַוויזן א מאַן, אַרויסקומענדיק פון טיפן פינסטערן טויער. די קאַלטע פאַרכמורעטע לייט האָבן זיך צונעקליבן, צוגעשפּאַרט צום טירל, אויסגעגלייכט די קעפּ. דער אָנקומענדיקער מאַן האָט א פרעג געטון: — „ווער איז דער ערשטער?“ לאַזאַר האָט זיך צוגעשפּאַרט און שוין געוואָלט אַריבערשפּריזן דעם בריקל. — וואַרט! — האָט אים דער מאַן גענומען פאַרן פּלייצע. — ווער איז דער צווייטער? — איך! — האָט לאַזאַרס באַ־גלייטער זיך צוגעשלעפּט צו לאַזאַרן.

דער מאַן האָט איבער אַלעמענס קעפּ א וויש געטון מיט דער האַנט פאַר א

צייכן. זיי זיינען זאַלבעדריט אַריין אין טויער. די איבעריקע זיינען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי נאָך אַ לעוואַיע פּאַמעלעך אַף אַלע זייטן זיך צעגאַנגען.

---

אין שאָפּע, וואו די אויטאָמאָבילן זיינען געשטאַנען, האָט מען קיינמאָל ניט געקענט באַשטימען די צייט, די שאָ, ווייל דער כאָלעל איז שטענדיק געווען פּייכט און טונקל־גרין. נאָר ווען עס פלעג אַריינפאָרן אָדער אַרויספאָרן אַן אויטאָ, האָט מען דערזען פון ווייטן דעם דרויסן. די פאַרשטויבטע גלעזערנע דאַכשויבן, פלעגן מיט אַמאָל פינסטער ווערן, ווען נאַכט פלעגט קומען. לאַזאַר מיטן פרעמדן זיינען אַרויסגעקומען פון אַ קליין שטיבעלע. דער דרעמל איז נאָך אַף זייערע פּענימער געהאַנגען. דער פרעמדער האָט זיך גענומען אָנטאָן. לאַזאַר קוקט אים נאָך: — וואוהין גייט איר?

— איר האָט געמיינט אַז איך וועל דאָ אַרבעטן? אויסגעשלאָפן בין איך, און הונגעריק אויך ניט. מאָרגן גיי איך ווייטער זוכן אַרבעט. פאַר אַ דרוקער־אַרבעטער לוינט ניט צו קראַצן די בלאָטיקע רעדער, און גאַנצע נעכט כאַפּן די סמאָיע נאָך אַ דרימל... זייט געזונט, עפּשער וועלן מיר זיך נאָך זען. איר וועט דאָך שוין קענען, איר האָט דאָך געזען, אַז איר וועט ניט מאַכן גוט, ט'ער אייך ווייזן דעם דרויסן, זייט געזונט.

פאַרפאַלן. וואָס האָט לאַזאַר שוין געקענט טון. אַ שטומער, איז ער שוין נאָכגעקראָכן דעם הוסטנדיקן נעגער. דעם אָנצייניקן, וואָס פלעגט האַלטן אין איין שפּייען מיט אַ פּייף. לאַזאַר האָט אַרום אים פון אַלע זייטן זיך געדרייט. האָט זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי ער האַלט די קישקע. דאָס היטל — האָט אָנגעזאָגט לאַזאַרן דער פרעמדער — ניט אָנטון! — איז ער אַרומגעגאַנגען אָן אַ היטל, נאָר פון די מאַלבושים האָט אים געקרענקט, וואָס מען האָט אים געגעבן אָנטון. אַזעלכע קאָסטיומען האָט ער גאָר געזען טראָגן די מיסט־קערער, וואָס טראָגן לאַנגע בערשט. דער איינציקער נעגער האָט זיך פאַרוקט אונטער אַן אויטאָ און געקיים עפּעס פאַראַקשנט און שטייף, און עס געוואָרפן ווי אַ שטיינדל אין ביידע זייטן מויל.

ווען די דאַכשויבן זיינען פינסטער געוואָרן, האָט אַף לאַזאַרן אַראָפּגעניידערט אַן אומעט פון דער פינסטערניש. אַפן טרעפּעלע פון אַן אויטאָ איז ער געזעסן. די הענט אַרום די קני אַרומגענומען און געשוויגן צום שטיינערנעם פּאָל. כאָטש ער האָט געבענקט נאָך אַ מיידל, וואָס האָט געלאָזן איר שאָטנגעשטאַלט ווי אַ קאַמייע אָנגעהאַנגען אַף זיין נעשאָמע, איצט, ווען ער פאַרטראַכט זיך, שאָטנט אים נאָך איינע — אַניטאַ. ער האָט אויסגעצויגן זיין האַנט, מיט די בלייכע לאַנגע פינגער, און ער האָט אַף זיי געקוקט... ער האָט זיין האַנט אַראָפּגעלאָזט, און ער האָט ווידער פאַרבונדן דעם שווייגן מיט דעם שטיינערנעם שיכט פון פּאָל.

ווען ער האָט דערזען דעם מאַן דעם באַלעבאָס אָנקומען, האָט ער זיך אויפגעשטעלט.

דער מאַן האָט זיך געשטעלט קעגנאיבער דעם נעגער און געשריגן, דראָענדיק מיט אַ פינגער:

— מען דאַרף זיי קיין עסן ניט געבן! מען דאַרף זיי דאָ שלאָפן ניט לאָזן! דו זעסט? ווי אַ הונט איז ער אַנטלאָפן נאָכן פרעסן! אַ, דו, פוילע ציין! מען דאַרף אייך שלאָגן, ווי אַלטע פערד!

---

אומהיימלעך האָבן געקלאַפּט דעם נעגערס טריט. פון די אָנגעצונדענע לאַמטערנס האָט געטריפט אַזאַ דריבנער שטאָך, און אַף די בלעכענע ווענט האָט דער דרויסן געשמיסן מיט פוילן ווינטיקן רעגן. באַ אים אין די שיך איז אַריינגעשוואומען די נעץ, ער האָט די פינגער געקאָרטשעט פון גליוועדיקער קעלט, די שווערע קישקע

האָט געצווינגן זיינע הענט צו דער ערד. קעדיי ער זאָל זיך אין זיין פיין נים דערטרינקען, פלעגט ער אַלעמאָל א קוק טון אַפן נעגער.

ארום נאָך האַלבער נאַכט, באַם ברעג פון קומענדיקן טאָג, האָבן די לאַמטערנס גענומען שטעכן לאַזאַרן מיט שלאָף. דער נעגער, קריכנדיק מיט א שמאַטע באַ די בלאָטיקע רעדער האָט זיך געלאָזט הערן מיט זיין שפּייען און מיטן פייף פון זיינע יאַסלעס. לאַזאַר האָט זיך געדרייט ווי א שלאַנג אַף דער ערד קעדיי אויסצומיידן די נעץ, וואָס האָט אַזוי פיינלעך אים נעשאָרכעט איבערן לייב. ער האָט אַלעמאָל נעקוקט צום דאַך צו זען, צי עס ליגט שוין דער באַגינען אַף אים.

דער נעגער האָט אוועקגעלייגט די קישקע אַף א פּאַס, און איז געגאַנגען לאַכנדיק צו דער טיר. ער האָט זי געעפנט, אָבער פונדערווייטן האָט לאַזאַר נים באַמערקט, צי עס נעמט פאַרגיין די נאַכט. — „צוריק!“ — האָט דער נעגער גערופן מיטן האַנט לאַזאַרן און אים געוואָרנט מיטן דראָענדיקן שוואַרצן קאָפּ. ער האָט אים אָנגעוויזן אַף א ראָד מיט בלאָטע. איידער לאַזאַר האָט נאָך צייט געהאַט עס באַמערקן, האָט שוין דער נעגער געטון א פייף און אוועקגעקלאַפּט מיט זיינע הילצערנע שיך איבערן שטיין.

דער נעגער איז פאַרשוואונדן, אַראָפּזינקענדיק ערגעץ אין א ווינקל, נאָר לאַזאַר האָט זיך אַרומגעדרייט, זיך טשוכנדיק, מיטשלעפּענדיק די קישקע. צום סאָף איז ער אוועק צוריק, נאָכאַמאָל איבערשפּריצן די רעדער. שפּריצנדיק האָט ער געקוקט צום דאַך, וואָס האָט זיך שוין גענומען בלאַסן אונטערן פאַרכמאַרעטן הימל. די קעלט האָט געלויערט ווי אַף א האַרבסטיק פעלד, לאַזאַר האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אוועקגעלאָזט די קישקע צו די הינטערשטע רעדער.

— אוי, גוואַלד!

לאַזאַר איז דערשראָקן אַף טויט אָפּגעשפּרונגען און געשריגן ווילד צום נעגער. דער נעגער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין נאָרע, און עפּעס געלאָפן אין קליינעם שטיבעלע.

פון אונטער די רעדער האָט זיך אַרויסגעשלעפּט עמעצער א באַגאַסענער און האָט זיך פאַרנאַנדערגעוויינט:

— איר דערקענט מיך נים? איך בין דאָך דאָ מיט אייך געקומען... דער דרוקער. און ער האָט זיך ווידער פאַרנאַנדערגעוויינט.



שלוימע סוסקאָוויטש

# וועגן ביכער פון אַרגענטיניש אידישע מעכאַברים

## יאַנקעוו באָטאָשאַנסקיס „ר׳ בער לעיעווער"

פאַר דעם וואָס קאָן באָטאָשאַנסקי׳ן, דעם פּילפּאַכיקן באָטאָשאַנסקי איז זייער שווער צו ריידן פון אים נאָר אַלס דראַמאַטורג, ווי מען זאָל זיך נישט וועלן קאָנצענטרירן און, אים אויסטיילן פון אַלע איבעריקע געביטן אַף וועלכע ער איז אַזוי פּרוכטבאַר, איז אוממעגלעך. אַלץ שוועבט פאַר די אויגן דער איין און איינציקער באָטאָשאַנסקי, וואָס קען זיך אַראָפּריידן אַף אַן אייגענעם טאָן, וואָס קאָן פאַרכאַפּט ווערן פון עפּעס און קען אַנדערע מאַכן פאַרכאַפּט. דער וואָס שרייבט נישט קיין ליטעראַטור — דאָס האָבן מיר איבערן האַלדז — נאָר קאָכט איבער זיין לעבן, זיין בלוט און זיין פלייששיק לעבן.

באָטאָשאַנסקי׳ס איינגאַרטיקע געוואָורע ליגט אין דעם, וואָס ער קאָן זיך לאָזן פאַרפירן פון זיין ווילדן אימפּעט, ווי אַלע גוטע דיכטער שעפּט ער אויס זיין אָנגעקומענעם אימפּולס ביזן דעק. ער צועפּנט, אָן כאַרפּע, אַלע קעמערלעך פון זיין מענטשענס האַרץ און טרייסלט זיי אויס, אַף צעלאָכעם דער וועלט, נאָט, זעט, אַזוי בין איך.

מען דאַרף האָבן קויעך זיך אַרויסצוגעבן אַזוי ווי מען איז, ס׳הייסט אַף צו מאַסערן זיך פאַר דער וועלט, וואָס דאָס מיין איך איז די אויפגאַבע פון דער ניט צוגעפּוצטער קונסט. ווייל די קונסט איז אין טאָך אַריין ניט עפּעס אַנדערש ווי איין גרויסע מעסירע פון איר באַשאַפער. זי איז, אַזוי צו זאָגן, דער באַשולדיקונגס־אַקט פון אַ מענטשן, וואָס האָט אין זיך דערפילט אַ דראַנג אַזאַ זיך אַרויסצוגעבן.

באָטאָשאַנסקי פאַרמאָגט גענוג קראַפט אין זיין אויסדרוק אַף צו קענען זיך אַליין אַרויסגעבן. ס׳הייסט, אַז אים געלונגט אויסצודריקען דאָס וואָס ער וויל. ער דריקט אויס דאָס מאַקסימום וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך, ווייל אין דורכשניט זענען מענטשן שטומע נעפאַשעס, זיי קענען דעם געדאַנק און געפיל נישט אַרויסגעבן אַזוי ווי זיי האָבן אים איבערגעלעבט. און באָטאָשאַנסקי געהערט צו די געציילטע, וואָס קאָן איבערגעבן אַ געדאַנק. אַ גרויסע איבערלעבונג, אַזוי אַז מען זאָל דערפילן אַז ער האָט עס איבערגעלעבט.

באָטאָשאַנסקי קאָן אפילו אין ציפערן אַריינהויכן דעם אָטעם פון אַ מענטשנס האַרץ...

אַזוי איז ער אויך אין זיין דראַמע „ר׳ בער ליעווער" 1). דער הויפּט העלד איז דאָרט באַלד אַזוי אימפּולסיוו און בונטאַר ווי זיין מעכאַבער. עס איז אַזוי צו זאָגן אַ געלונגענער מוסטער פון אים אַליין. דער יונגער בער פון ליעווע איז באָטאָשאַנסקי׳ס אַ געזעצלעך קינד, ער ניט אים איבער, ער זאָל קעמפן זיין קאַמף פאַר אַ נייעם לעבן, פאַר דעם איינציקן עמעס, וועלכער ווערט געבוירן מיטן מענטשן און ליגט אין זיין בלוט. ווען אפילע אינעם טרייפענעם בלוט. איז ווער איז אָבער אין דעם שולדיס, אַז

„פאַראַנען איז אַ דערפל באַם פּרוט,
דאָרטן שאַרפט יעדע נאַכט אָן דער ערד
דער מאַלעכאַמאָוועס זיין שווערד
און קאָכט אויף באַם מענטשן דאָס בלוט". (זייט 23)

און דער יונגער בער פון ליעווע האָט זיך צוגעהערט צו דעם געשריי פון זיין בלוט, ער האָט מער אינעם שעקער נישט געקענט לעבן, ער האָט זיך נישט געוואָלט

1) דערשינען הייײאַר אין זיין באַנד „דראַמען".

דערשטיקן און אומקומען אומזיסט, האָט ער דערקלערט אַ הייליקן קאַמף דער אַלטער וועלט און האָט מיט איר איבערגעריסן.

אין מיטן קאָל נידרע אַנטלויפט ער פון דעם ראַבאַנישן הויף און קומט הוליען צו אַ מאַכנע ציגיינער.

דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז, וואָס ער ווייזט קיין איין מאָל נישט אַרויס קיין ברעקל צווייפל. דער ריטערלעכער געראַנגל צווישן גוטן און שלעכטן מאַלעך קומט בא אים נישט פאָר. ר' בער הוליעט קלאָרהערהייד, ער איז ניט פאַרשיקערט און האָט אַן אומענדלעכע האַנאָע דערפון וואָס ער טוט.

אַפן ערשטן אויגנבליק איז דאָס אַביסל פּריקרע, אַזש נישט מענטשלעך. עס ליגט עפּעס אַ געוויסע קליינלעכקייט אין דעם האַנאָע האָבן פונעם זיג, מעג ער אַפילע זיין ווי גערעכט און פאַרדינט. אָבער אַז מען ענדיקט לייענען דעם פערטן אַקט און מען וויל זיך אַריינטראַכטן אין דער גאַנצער געביידע, ווערט קלאָר אַז בער'ס גרויסע צופרידנקייט מיט זיין אַנטלויפן איז אַ לעבנס פילאָזאָפיע.

באַטאַשאַנסקי האָט ספּעציעל דערמיט געוואָלט דערווייזן אַז זיין ר' בער איז נישט קיין העלד און בעשום אויפן נישט קיין גרויסע פּערזענלעכקייט. ער איז, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי איינער פון טויזנטער, וועלכע שטרעבן אַזוי ווי ער צו לעבן מיט זייער אייגענעם עמעס.

„איך וואָלט געוואָלט, זאָגט ער, האָבן אַ גרויס פייערדיק וואָרט אַף די לעפּצן, אַ וואָרט ווי אַ נאָווי, איך וואָלט דעמאָלט אויסגעשריגן: לעבט פּאַשעט, לעבט ווי אַזוי דאָס גוטע האַרץ הייסט אייך". (49).

אַכוץ דעם איז נאָך דאָ פּלאַץ פאַר אַ זייער באַרעכטיקטער מיינונג, אַז ר' בער צווייפלט נישט און האָט ניט קיין שום ראַנגלענישן מיט זיך דערפאַר, ווייל ער איז דערלייזט און געלייטערט געוואָרן דורך זיין גרויסער זינד. ווי ער זאָגט עס צו זיין גאָלדענער ריווקאַלען.

„די גרעסטע קדושע האָב איך מעכאַלעל געווען און כ'פיל זיך ריינער ווי טאָמיד"...

דאָך איז עס ניט גענוג איבערצייגנדיק. ווען דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין, וואָלט ער דאָך געמוזט זיין אַ טראַגישע פיגור גאָר פון אַן אַנדער שניט, באַטאַשאַנסקי האָט אָבער געוואָלט ער זאָל זיין נישט מער ווי איינער פון די טויזנטער. דאָך איין זאַך הויבט אים אַרויס איבער אַלעמען, דאָס איז זיין אומענדלעך נישט באַפלעקטע ליבע צו ריווקעלען. זי איז פריש, ריין און עכט. פון אַזעלכע ליבעס טרוימען בלייכע פּרינצעסנס אין אַ וואונדער מייסע.

נישט אומזיסט וואַרפט צוליב איר ר' בער זיין גאָט אַראָפּ פונעם פּעדעסטאַל און שטעלט אַף זיין אָרט איר אַוועק, איר, זיין אויסדערוויילטע און אייגציקע...

דער צווייטער אַקט איז וואונדערבאַר, אַף דער בינע קען דאָס אויסוואַקסן צו אַ קאָלאָסאַלן ספּעקטאַקל. ער איז פול מיט דינאַמיק און באַוועגונג, נאָר איינער וואָס קאָן דורך און דורך טעאַטער, האָט עס געקענט אָנשרייבן.

וואָס שייך די עפּאָכע-מאַכנדע מאַסקילים, זיינען זיי נאָך אַלץ אַ נוס, וואָס דאָס טעאַטער האָט זיי נאָך נישט איינגעביסן, אויך בא באַטאַשאַנסקין זיינען זיי געראָטענער נישט געוואָרן, דערפאַר זיינען זייער פאַרביק געצייכנט די כסידים אינעם ראַבאַנישן הויף.

ס'איז פאַרשטייט זיך, איבריק צו דערמאָנען, אַז דער דיאַלאָג איז פאַרביק קלאָר און לעבעדיק. עס איז דאָך באַטאַשאַנסקיס שפּראַך, עמיצער וועט נאָך אַמאָל ווענן דעם באַזונדער שרייבן, עס וועט זיין אַ זייער דאַנקבאַרע און אָנגענעמע אַרבעט.

דערווייל איז פאַר אונז גענוג דאָס, וואָס מיר וועלן נאָך אַמאָל איבערזאָגן, אַז מיט „ר' בער ליעווער" איז צוגעקומען נאָך אַ אינטערעסאַנטע פיגור אין דער אידישער טעאַטער ליטעראַטור. און מיר וועלן נאָך פון אים אַ סאַך נאַכעס האָבן, כאָטש.

עס איז עפשער איצטער ניט די פּאַסנדע צייט צו רופן, אַז מען זאָל לעבן אזוי ווי דאָס גוטע האַרץ הייסט... אָבער, צו אַלדי גוטע יאָר! ווען זשע פּאָרט, ווען די צייט האָבן צייט אויסצוהערן אַ מענטשלעך וואָרט?

יאָ, באַטאַשאַנסקי האָט פאַר אונדז איבערגעקאָכט אַ טיף מענטשלעך לעבן, אַ בלום און פליישיק לעבן...

## ליטמאַנס „פון אַלע זיבן זאַכן"

די מעלאָכע פון מאַכן לאַכן קענען אַ סאַך. אָבער מאַכן שמייכלען, שמייכלען צוליב דעם אינערלעכן איבערפלוס פון גליק אָדער האַרציקייט, קענען נאָר ווייניק. אין אונדזער צייט האָט דער וויצלער איינגעשלונגען דעם הומאָריסט. דער „קלוגער קאָפּ" האָט פאַרטריבן די כאַכמע פונעם האַרצן. ער האָט, אַזוי צו זאָגן, דעראָבערט דעם מאַרק און האָט פאַר זיך פאַרכאַפּט די קליענטור. ס'איז היינט אוממעגלעך צו שרייבן עפּעס, נישט נאָר פאַר דעם הומאָריסט, און ניט אַריינצוברענגען אַ וועלכן ס'איז וויץ. מען לייענט אַפּט נישט קעריי עפּעס זיך צו דערוויסן, נאָר צו קענען אַנקוועלן פון דעם וויץ וואָס וועט דאָרט מוזן שטעקן.

דעריבער איז אַזוי פאַרשטענדלעך וואָס די יעניקע וועלכע פאַרמאָגן אין זיך, דאָס וואָס מען רופט „די כאָכמע פונעם האַרצן" זאָלן אַזוי אָפּט אַנטלויפן צו די קינדער. (דערמאָנט אייך: טווען, דיקענס, שאָלעם־אַליכעם). דאָרט מוז מען נישט זיין ווירטואָז. די קליענטור איז אַן אַנדערע. דאָרט קאָן מען זיך פאַרגינען דאָס גרויסע גליק, צו זיין אַזוי ווי מען איז.

און ליטמאַן (וואָס איז אַלס פעליעטאָניסט באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים ש. פריילאַך) האָט דאָס גליק, צו זיין אַזוי ווי ער איז: אין איניקע זאַכן „פון אַלע זיבן זאַכן" 1) איז אים געלונגען אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם „קלוגן קאָפּ", דעם „קלוגן קאָפּ" פון דעם דערוואַקסענעם מענטש, און זיך צו דערפירן צו איינפאַכקייט.

אייניקע פון די זאַכעלעך, באַזונדערס די שטיינער־שטיפעריי, גלויבט זיך אַזש נישט אַז דאָס זאָל עמיצער האָבן אָנגעשריבן. דאָס זיינען זאַכן מער ווי אָנגעשריבענע. ס'איז דאָס הונדערט מאָל נישט געצייכנטע, עס איז דאָס טויזנט מאָל נישט געמאָלענע, וועלכע קוקן אַראָפּ גלאַט אַזוי, צוליב פאַרגעניגן וועגן, פון די זייטלעך. ס'איז דער וואַלד־גראָז, וועלכער וואַקסט דאָך, כאָטש קיינעם איז ניט געלעגן אין קאָפּ עס צו פאַרפלאַנצן און צו באַגיסן.

לייענט, אַ שטייגער, „אַז דער טאַטע קומט אַהיים". ס'איז אַ בילדל וועלכעס עס טרעפט טאָג־טעגלעך אין יעדער שטוב, וואו ס'איז נאָר דאָ אַ קינד. מען דאַרף פאַרמאָגן גאָר אַ סאַך מוט אָפּ צו פּויעלן בא זיך איבערצוגעבן אַזאַ איינפאַכע און פאַרשטענדלעכע זאַך.

שטעלט אייך פאָר, וואָס קען אַרויסקומען פון אַזאַ פּאַשעטער זאַך, ווי דאָס, ווען דער טאַטע קומט אַהיים און זוכט ברײינדעלען, איז ברײינדעלע גאָר הינטערן טיר און שרייט פון דאָרטן, אַז זי איז נישטאָ, נאָר ס'איז דאָ איינע אַ כייעלע. נעמט דער טאַטע ברײינדעלען אָפּ די הענט, טוט איר אַ וואָרף אין דער לופטן און וואַרפט אַרויס כייעלען...

דאָך, אַז איר לייענט די זעלבע זאַכעלע בא פריילאַכן, האָט דאָס דעם זיבעטן כיין. ס'איז די יאָנטעוודיקע אַלטעגלעכקייט, וואָס קוקט אייך אַרויס מיט גרויסע אומשולדיקע אויגן. די לאַנגע וואָך ווערט אַ סאַך לייכטער, ווען עס זיינען דאָ אַזוינע גוטע קינדער, וועלכע לאָזן זיך וואַרפן אין דער לופטן.

אַכוץ די אומדירעקטע גוטסקייט וואָס ש. פריילאַכס מייסעלעך וועקן בא

1) דערשינען הײַיאַר, אין ב. איירעס.

קינד, זיינע אויך, אין דעם ביכעלע, פאַראַנען זאַכעלעך, וואָס הויבן אָן צו ריידן אַפענע רייד.

פאַרשטייט זיך, אַז אין באַהעלטעניש איז אַ סאַך בעסער צו שפּילן. דאָס נישט אויסזאָגן אין גאַנצן האָט אַפּט אַ מער דוויערהאַפטן רייץ. מען מיינט, אַז ס'איז אַ כאַך שענער ניט צו וויסן אין גאַנצן. דאָס ניט דערזאָגן קען אַמאָל מאַכן איינעם טראַכטן. פרייליאַך וויל אָבער נישט, אַז מען זאָל באַ אים דאַרפן קנייטשן דעם שטערן, איז נעמט ער, אין די מערסטע זאַכעלעך און זאָגט אַליין אויס, וואָס ער וויל.

און ווילן וויל ער, אַז אַ קינד זאָל האָבן אַ גוט האַרץ, אַ שטיינער, ווי אין „פישעלע מיט'ן טישעלע", „די בוימער זיינען ברויגעז געוואָרן", אָדער „דאָס מיידעלע אין שטיינגעלע" און אַנדערע.

וואָס ס'איז שייעך „דאָס קינד, דער ווינט, דער הונט" איז עס עפּעס מער פון אַ קינדער מייסעלע, ס'איז אַ מייסעלע מיט אַ גרויסן זין. אַ מייסעלע, וואָס הויכט איר אָטעם אַריין אין דער אייביקייט. ס'איז די גליקלעכע דערקענונג פון מענטש, נאַטור און כייע, אַז אייגנטלעך יאָגן זיי זיך נישט צוליב עפּעס אַנדערש, נאָר צוליב דעם, ווייל זייערע הערצער גייען אויס איינע נאָך די אַנדערע.

לויפט דער ווינט, לויפט דער הונט, לויפט דאָס קינד. די קויכעס לאָזן זיך זיי אויס און זיי קענען זיך נישט דעריאָגן. איינע אָף די אַנדערע איז מען בייז, אַז מען וואָלט זיך נאָר צעריסן אָף שטיקלעך. לויפן זיי אַזוי לאַנג ביז זיי קומען צו אַ וואַלד.

„בלייבט שטיין דער ווינט, בלייבט שטיין דער הונט, בלייבט שטיין דאָס קינד", און אַז זיי קוקן זיך איבער, צולאַכן זיי זיך אַלע. ווייל עס לאָזט זיך אויס, אַז אייגנטלעך זיינען זיי זיך אַזוי נאַכגעלאָפן, נישט מער ווי מאַכמעס גרויס ליבשאַפט.

איך ווייס נישט ווי אַזוי קינדער וועלן דאָס אויפנעמען. פאַר גרויסע איז דאָס גאַר אַ היפשער מוסער האַסקל. ס'איז די גרויסע לעבנס כאָכמע, וועלכע שטעקט אין יעדער באַשעפעניש. מען דאַרף זיך נאָר קענען אַמאָל אוועקשטעלן אַנטקעגן וואַלד און זיך צולאַכן. לאַכן פון דעם, וואָס מען ווייסט נישט פאַר ווען, וואָס מען ווייסט נישט פאַרוואָס...

צוליב איין גוטער מייסעלע אַזאַ, מעג איינער אַנשרייבן נאָך פופציק ערגערע. ש. פרייליאַך האָט אָנגעשריבן בלויז נאָר אַ פאַר שוואַכערע. „דער קוימען גייט אים נאָך" איז אַ גאַרנישט לעגאַבע די איבעריקע פריילעכע און געראַטענע זאַכעלעך.

ש. פרייליאַך האָט די מערסטע זאַכן זייער קלוג פאַרטראַכט; אַזוי קלוג, אַז ער האָט באַהאַלטן דאָס פאַרטראַכטן און עס איז אַרויסגעקומען שפּילעוודיק און מיט דער גרעסטער איינפאַכקייט, וועלכע איז נאָר מעגלעך. די ווערטער דריבלען זיך אויס, קימאַט אַזוי ווי דער פאָדים פון אַ זאַק, וועלכע מען האַלט אין אויסדריבלען. מען דאַרף נאָר פאַרטשעפען און די מייסעלעך פליען פון זיך אַליין, זיי זיינען אַזוי לייכט, אַז זיי ווענן עפשער פערציק טויזנט טאָן...

אין איניקע פון די זאַכעלעך דערקלייבט זיך פרייליאַך צו דער כאָכמע כונעם האַרצן. אַפילע די וויציקע איינפאַלן, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך אַזוי אָפט, באַצירט ער אויך מיט זיין לייכטן גוטמוטיקן הומאָר.

ש. פרייליאַך דינט אַ גאַנץ יאָר דעם וויץ, די קליענטור זיינע ווייזט נישט קיין ווילן פאַר הומאָר. איז האָט ער געמוזט ערגעץ אַנטלויפן, אַז ער זאָל קענען אָפּזעצן דאָס, וואָס עס טיילט אים אויס פון אַלע אַנדערע זיינס גלייכן, און דער אויסוואַל איז געווען אַ געראַטענער.

„פון אַלע זיבן זאַכן" פאַדערט דאָס לעבעדיקע פלאַץ פאַרן הומאַריסט, וועלכע איז צוליב דעם גרויסן ביטל וואָס מען האָט צום וויצלער, פאַרשריגן געוואָרן.

זאָל דאָס זיין אַ גוטער אָנהויב.